שמואל פערלמוטער

# אויף הייכישער ערד

לידער

פארלאג
י. ל. פרץ
ישראל

תל־אביב, תשל״ו — 1976

# ירושלים

צו דיין שטויב און טרערן־וואַנט
בייגט מיין קאָפּ זיך שוין אַ גרויער,
און ווי אַ מידער שאָטן אויף ווייס געוואַנט,
שלייך איך זיך דורך דיין געעפנטן טויער.

גאַנצע דורות ייִדעס שאָטענען פאַרביי דאָ,
זיי שוועבן אין שיינקייט, ווי שטערן אין נאַכטרוים
ס׳וויגט זיך קדושה־שיין אין שטילן בלאָ,
ווי אַ ניגון פון אַ ליכטיקן טרוים.

יעדעס גרעזל צווישן דיינע בערג־קנייטשן,
שימערט אַרוים מיט לאַכנדיקע אויגן,
גרעזל פון גאווה וואַקסט, ווי געטריבן פון בייטשן,
וואָס נאָר צו מלכות וועט עס זיך בייגן.

די זון מיט אַ כוח אַ יונגען,
מיט ערשטן, זיכערן גלי,
הייבט זיך מיט אַ פּנים צעזונגען,
אויף דיינע פעלדזן־בערג אין מאָרגנפרי.

דעם כביש פון וועג צו דיר גלעט
איך מיט מיינע בענקענדיקע אויגן,
און ווי אַן איינגעוויגטער אין אַ ווייכן בעט,
וויגט מיין גוף זיך אין דיין ליכט פון רעגנבויגן.

און ס׳דוכט מיר, איך הער אין דורכזיכטיקער שטילקייט,
לויטערע תפילות טריפן אויף דיינע רויטע בערג,
וואָס צינדן זיך אָן, ווי יום-הקדושדיקע ליכטיקייט,
צו באַלייכטן די טיפע כוונה פון באַשעפערס ווערק.

פאַר נאַכט, ווען אויף דיינע מויערן-שטיינער
די שקיעה-זון בלענדט מיט אַ גילדענעם שליסל,
עפנט זיך אַ ליכטיק טירל: זע, דער טאָל, אַן אויפגעלויכטענער,
גאָלדיקט מיט מאַנדלען זיסע פון ברוינעם ניסל.

די זון האָט זיך שפּעט אַראָפּגעלאָזט,
געזונקען אין די טיפע בערג-קנייטשן;
דער הייסער טאָג האָט די גליִיקע שטיינער פאַרלאָזט
און די לבנה-נאַכט האָט מיט זילבערשיין געטומען פלייצן.

איינגעהילט אין אַ שטערנדיקן הימלבויגן,
הער איך קלאָר געהיימע טריט און שטיל איך צייל
און פאָלג זיי נאָך מיט נייגעריקע אויגן,
אַהין, ווו נאַכטשטראַלן גיסן זיך אַריין אין אַ הייל.

קוים-קוים באַריר איך דיינע האַרטע ערדשפּאַלטן,
וואָס פירן דורך ענגע, זיגזאַגישע געסלעך קרומע,
צו היילן טיפע, מיט דורות-געוויין פעלדזיק באַהאַלטן,
ווו אין די שטייניקע אָדערן ריזלט גבורה שטומע.

צו דיינע קדמונישע בערגיקע הייכן אַרום,
טראָג איך שטילן געמיט אַרויף,
ווי אונדזערע זיידעס האָבן זייערע בליקן פרום
געטראָגן צום הימל אַרויף.

ירושלים, נעמסט אָנען ווי ווייט עס גייט די שליטה
מיט נייעם שווּנג דער גאַנצער וועלט אַקעגן —
פון „איכה ישבה בדד” דורך קול דממה דקה,
ביז הילכיקן טראָט אויף פאַרהיימישטע וועגן.

# צו דיין הויך

דאָס האַרץ האָט זיך געריסן צו דיין הויך,
אויף די פליגל דרייסטע פון אונדזער גאָלדענער פּאַווע.
וווּנדערלעך איר ראַנגלען זיך מיט טשאַדעדיקסטן רויך —
נישט איין מאָל איז זי באַדראָט געוואָרן פון הייסער לאַווע.

דו האָסט דורך דורות געשימערט מיט דיין זריחה און שקיעה,
ס'האָט אַראָפּגעשיינט פון דיינע בערג דער גלאַנץ פון קופּער,
פיל שענער פון אַלע פּרעמדע, נאַקעטע געטער,
מיט אַראָפּגעלאָזטע — פּאַר כופרים — אויגן פון אַ צנועה.

די שטאָט, וווּ גערוט האָט די שכינה,
וואָס האָט אויסגעשטראַלט אויפן גלות-וויסטן וואַנדערוועג,
וווּ די מידע טריט האָבן שטיל אויסגעקלונגען גילה-רינה,
זי האָט פאַרגרינגערט אין די שעהען פון ביטערע טעג.

# כנרת

אָפענע פישער־שיפלעך שפּאַרן אַוועק אין בלויער ווייט,
געפירט דורך הענט אַדערדיקע, ווי געפלאָכטענע שטריק, צום געבענטשן ברעג.
מיט אויפגעבראַכטער שפע אויפן שפּיגל־ים פון אייביק־צייט,
דורך אויסגעפּרוּווטע יונגען, אויף ישראלס שטרויכל־וועג.

וואַסער־רעדער, גרינע, בלויע, קייקלען זיך אין ווירעדיקער לענג
און די זון הוידעט זיך מיט אין פאַרביקן פיבער, אַראָפּ און אַרויף
און אירע פלאַמען פלעכטן זיך ווי שלענג
אין דעם באַגין פון יצירה, וואָס גייט אויף.

די שיינקייט פון כנרת אין געלייטער פון מערב־שיין,
וואָס איך זע פון באַרג אַראָפּ, אין רונדן טאָל,
בלענדט מיט דער לויטערקייט פון טאַטנס קידוש־וויין,
און ווי דאָס שטערן־הייבל פון מיין באָבע, נידעריק און שמאָל.

אַ דורכזיכטיקע קילקייט בלאָזט פון דיין נידער
אויף היציקע טעג פון גליִיקער זון,
קילט די טריקעניש פון דורשטיקע שטיבער,
מיט פרישקייט פון די הייכן פון הר עצמון.

ס׳בלויט איבער דיר דער ווייכער דרום פון פאַרנאַכט,
איידער נייער טאָג שוועכט פאַרשווינדט,
ס׳שווייגט איבער דיר דער צפון פון ביינאַכט,
ווי שטיל אויסגעחלומט ס׳איז מיין אָוונטליד אַצינד.

דו ליגסט מיט אַ נאַכט־דעקטוך, איינגעהילט אין שטילקייט,
אַ ווינטל לייכט בלאָזט צום בלויעם אָוונטבערג,
ווי דער פרומער שאָרך פון זייד פון מיין מאַמעס שבת־קלייד,
און ווי מיין טאַטנס געזאַנג מיט מזמור־טראָפּ אין יום־טוב־טעג.

דער שאָרך פון דיינע זילבער־וועלן גייט אויף
מיט שטילן ציטער־ניגון אויף מיין אויער,
ווען ס׳ציט זיך אויף די גלילער בערג אַרויף
מיט רויט, דער שקיעה־פלאַם אין דויער.

אורוועגט־גראַניט שטייען סודותדיק אַרום דיר, כנרת,
אין מזרח־צפון, ווייט פון שליאַכן, דורות אַליין,
טראָגן דעם טרויער פון אָפּגעפרעמדטער ערד
אין בונד מיט דיין שווייגעניש, וואָס איז אין זיי אַריין.

# הר כנען

הר כנען, געטורעמט, הויך געצויגן,
ווי הענגענדיקע גערטנער זיך וויגן אין רוים
אונטער דינעם הימל־בויגן —
באַרגיקע קעפּ מיט אייביקער זון אין גילדענער קרוין.

הייבן זיך בערג מיטן שווונג פון אַ לייב,
טראָגן די זון הויך אין פרימאָרגן,
ציִען זיך שפּיצן — פלאַמיקע הענט
און צינדן אָן דעם הימלראַנד.

אין דער לענג און אין דער ברייט, בערגקייטן,
ווי פון חלומות אַרויס, ריזן געשטאַלטן
מיט קעפּ, קופּער־רויט צעגליט אויף אַלע זייטן,
זוניקע פּורפּור־בערג, אייביקע גיגאַנטן.

בערג איבער בערג אויף שומרישער וואַך,
אָטעמען מיט קדמונימדיקן גלי
פון גראַניטנער ברוסטיקער קראַפט
אויף מדבר־זאַמדיקער רו.

## אַרום כנרת־ים

1

כ׳בין היינט פרי אויפגעשטאַנען, אָן אַ ציל געגאַנגען
אויפן ראַנד פון דיינע קוואַליקע טיפן,
אין מיין האַרץ — לויבגעזאַנגען,
שטילע תפילה — אויף די ליפן.

אַלטער, וווּנדערלעכער ים! ווייט פון טומלדיקע מערק
דו הערשסט מיט דיין צויבער און ברויז ;
דיין אָטעם קילט די גלילער בערג,
דו ביסט אַ בלוי אויג צו די ישובים אַרום.

איינגעהאַקט אין פעלדז איז דיין געלעגער,
די אַרומיקע בערג פון בייזע געפאַרן דיך שיצן,
ס׳קומען אַראָפּ פון דאָרט די פאַסטעכער,
ביז ס׳פאַרגייט די זון מיט רויטע אָפּשפּריצן.

דיינע וועלן שלאָגן אָן די גרין-גלאַנציקע ברעגן,
קומען מיט אַ גרוס צוריק, פון אַ נייעם ישוב געשיקט ;
איז אַ זעלטענער ווּנדער צו זען, ווי די ימיקע וועגן
האָבן דורות-לאַנג די פיש פאַר אונדז געוויגט.

איך שטיי און קאָן מיין בליק נישט אָפּרייסן פון ברעג.
וואָס זוך איך דאָרט, וואָס קאָן איך דאָרט געפינען,
אַחוץ דעם ניגון פון די כוואַליעס אין די טעג,
ווען יידן זינגען זייער פרייד מיט אַ נייעם זינען.

וואָלקן־טיכער, געוועבט ווייס און בלוי,
שוועבן, ווי מחנות גרויסע פייגל, אַריבער כנרת־ברעגן,
אויף די געקאָסעטע פעלדער מיט הויכע סטויגן שטרוי,
נאָך אַ זאַטן זומער מיט זון און רעגן.

די זון אָפּגעפרישט ווידער מיט גילדענע טריט,
אַ שטילע רו שעמערירט איבער גלילער בערג,
און דער כנרת מיט בלויען אויג בראשיתדיקע ירושה היט,
ווי אַ שומר דאָ וואַכט איבער אונדזער ווערק.

2

ווען שווערער איז די היץ אויף גאַסן און פעלדער,
אַלץ מערער פיל איך זי, די ימישע קילקייט;
וואָס מער דיביימער אויף די וועגן ווערן עלטער,
אַלץ ברייטער שאָטענען זיי די טאָליקע שטילקייט.

ער הייבט זיך, דער כנרת, אַזוי מונטער און פריי,
ער קוקט דורך די שוימיקע ברעמען און מישט די ווייטקייט;
ער קאָן נישט דערקענען די דערפער, די שטעט, די מענטשן אין זיי,
איז שפּאַרט ער צו די ברעגן — ווייל נענטער זיין צו דער
נייער צייט.

דער קילער ים אין טאָל —
אַ לייכטער פלאַטער אויף מיין טראָט;
פון די גלילער בערג צעשיט זיך דאָס קלאָרע קול
אויף אַרומיקע דערפער און אויף נייער נאָענטער שטאָט.

ווער זינגט עם דאָרט, ווער שווימט אַזוי,
דורך זילבערנע פּאַליעס און דורך היימישן ווינט?
זע, ווי די זון אין וואַסער שפּיגלט בלוי,
און ווי פישער־שיפלעך גליטשן זיך געשווינד.

כ׳בין אַדורכגעשווימען דיך מיט שרעק און מיט לידער
מיט געשטאַרקטער האַנט און אויף שיפלעך אייגן,
כ׳שווים אַדורך דיך היינט ווידער,
צום ראַנד, ווו נייע בערעזע־וועלדער זינגען און אַלטע צעדערס שווייגן.

דעם ווייטסטן ברעג האָב איך געפּרווּוט,
געשיפט זיך אין דער לענג, אין דער ברייט,
איך האָב געשלונגען פון באַגינען די פרישע לופט,
נאָר כ׳האָב מיט דער היימוועג זיך געפרייט.

אַ מידער, כ׳האָב געבעטן וויפל מאָל:
פאַרוויג מיך אויף דיין וואַסער־בעט,
נאָר מיך פלעגט אויפוועקן אַ קול:
שטיי אויף, גיי אַרויס, טו די בלויקייט אַ גלעט.

3

כנרת, מיט בענקשאַפט בין איך געקומען צו דיין ברעג,
מיט אָפענע אויגן געקוקט אין וואַסער־שפּיגל,
און ווען איך בין מיט באַהאַלטענעם צער פון דיר אוועק,
איז דאָרט מיין האַרץ געבליבן פאַרמאַכט אונטער אַ ריגל.

כנרת־ים, צופוסנס פון בערג, טיף איינגעבעט,
שפיגלט זיך דער רעגנבויגן אין זיינע ווונדער־פאַרבן,
לאָזט זיך אַראָפּ אויף די שטיינענע ברעג־טרעפ,
און לעשט זיך מיט נאַכט־סוד צווישן פעלדזיקע קאַרבן.

מיך ציט אָפט אַזאַ מין בענקשאַפט צו זיין ביי דיר,
בין איך היינט נאָך אַ מאָל געקומען;
דיין זיידענעם רויש צו באַהאַלטן אין מיר,
איך זאָל פון דיר נישט זיין געשיידט ביז מיין ווידער קומען.

# בעדויִנער

יאָרן הונדערטער, פון הייסן פיבער נישט געקאַרגט,
האָבן פּיס נאַקעטע געטראָטן די רויע ערד
און פּנימער אַראָפּגעלאָזטע, דורך גליווינט צעאַקערט,
און אויגן, ווי גליענדיקע קוילן, אין די בערד.

אויף וועגן־אומוועגן, אין שטרויכל־וואַנדער,
אונטער אייביקער שרפעדיקער זון, געצונדן אַ פלאַקער,
האָבן געזוכט צו געפינען רו אין שאָטן,
שבטים אין וואַנדער מיט הייסן אָטעם, ווי פלייש ערשט געבראָטן.

שפּאַנען מיט מאָגערע שאָף און רינד,
מיט פלאָם אין די קראַנקע אויגן,
די פּיס טראָגן מיט דעם פייערווינט,
גענידערט פון די בערג, ווי אַ ווילדער פויגל דורכגעפלויגן.

ווי אַ פויגל נאָך שפּייז פלאַטערט אום צו ווייטן,
יען זיך פיבערדיק זיינע הענט נאָך דעם אָרעמען ברויט,
און ס'איז דער אומרו זיינער צו וואַנדערן אין אַלע זייטן,
צוגלייך אויפגיין אין די געבערג, ווי עס גייט פרי אויף אַ זון רויט.

די הונגערטעג קריצן זיך אַריין מיט הייסע טרערן,
און דאָרשטיקער דויער שרייט פון זיין וואָגלגאַנג;
איבער זיין צער בייגן זיך טיף די קרוינען שטערן,
און צעוויגטע קעמלטריט צעטראָגן ווייט זיין אומעט־געזאַנג.

די הויט אויף אים, וואָס אויסגעטריקנט איז,
גלאַנצט געל דורך די לעבערדיקע קליידער אויף דאַרע ביינער,
פון אַ גוף דין־שאַרף, וואָס שפּאַרט אַרויס פון יעדן ריס,
אין וואַנדערוועג, באָרוועס, אָן שיך, איבער צעגליטע שטיינער.

צעשיטע די זאַמד־בערגלעך האָרכן
זיין אומעט־געזאַנג, לאַנגאָניק,
ווי דער הייסער ווינט אין טרוקענעם שאָרכן
אין דער נאַכט, וואָס טריפט לבנהיק.

גייט ער דאָ אום מיט באָרוועסע פיס,
הייסע זאַמדן בריִען זיינע מידע טריט.
טוט אַ מאָל פון דאַנען זיך אַ ריס
און שפּאַנט אַוועק אונטער אַ הימל מיט שטערן צעבליט.

מיט דיקע וואָנצעס און סיווע בערד,
וויגן זיך זקנים אויף ווייט ציִענדיקע קעמלען,
דאָס פּנים און הענט — פאַרברוינט ווי די ערד,
וואָס ליגט אַ מידע אין דרעמלען.

ס׳רוישן די הייסע בלוטן אין דאַרע אינגעווייידן,
ווי דער ווילדער וואַסערפאַל אין ירדן,
און ווי כוואַליעס צעברויזט, עפענען זיי אַ מויל בייז צו ריידן,
פליִצן אַרויס דעם האַס קעגן פרעמדנס דאָ לאַנדן.

ווי אַ שיסנדיקער פייל, אַ הייסער שטראַל צעהעלט,
פאַלט אַריין אין בעדוינערם לייוונטן געצעלט,
פאַרשפּרייט פאַר זיין דינעם גוף אַ גילדערנעם דיוואַן,
און ס'זענען זיינע ברענענדיקע אויגן, ווי ליכטער פון אַ באַן.

בלאָזט אין דער נאַכט ווען אַ ווינטל אויפן לייוונטן דאַך,
ווערט דערמוטיקט, דערהויבן אין אים דער גלויבן אין וועלט.
אויף זיין געל פנים גייט אויף אַ זילבערנער לאַך
און די פרייד פון איינגעוואָרצלטקייט באַהעפט מיטן געצעלט.

# יום־כיפור־מלחמה

אונדזער האַרץ פאַרפילט אַ וווּנדערלעך געברויז,
אונדזער טרוים צעוואַקסט זיך העכער און געוואַגטער ;
מיר זעען, ווי ס׳פאָרט דאָס לאַנד אַרויס
אין אַ געשפאַן פון אומצאָליקע טראַקטאָרס.

עס איז אַ פאַרגעניגן צו הערן,
און ס׳טוט יעדן איינציקן פרייען,
ווען מיר ווייסן אַז אונדז שוין געהערן
די פעלדער צו פאַרזייען.

פאַבריקן אַלערליי אומעטום האָבן אויפגעבליט,
ווי בערג געטורעמט קוקן זיי אין ווייט,
ס׳איז יעדער ראָד־באַוועג פון פאָלק באַהיט,
און פאַרשטאַרקן זייער קראַפט איז מען כסדר גרייט.

אַ מאָל דאָ זענען בלויז זומפן געווען,
און איצטער פאַרביקע טעפּעכער געשפּרייט ;
ס׳איז די ערד איצט געאַקערט און געזייט,
און אין יעדן זאַנג זענען די קערנער צו זען.

דורות לאַנג געבענקט האָבן מיר נאָך אייגענער ערד,
— דערגרייכט — געאַרבעט אין איר מיט הענט הויל,
און איצט, ווען זי אונדז שפּייזט און דערנערט,
פאַרגינט מען אונדז נישט דעם ביסן ברויט אין מויל.

אַזוינע פֿאַרכמאַרעטע די אויגן,
אַן אומרו אַזאַ אין געמיטער,
הערצער מיט טריבקייט פֿאַרצויגן,
דאָס האַרץ פֿונעם לאַנד איז אין ציטער.

נאָך נישט באַוויזן צו צינדן די פּאַראַיאָריקע גראָזן,
שוין געגאַנגען איז אַן איבעררוף הייליק און גרויס.
פֿון שטאָט און דאָרף — מ׳האָט אייליק זיך געלאָזן
פֿאַרהיטן האָב און גוטס, די שייערן מיט ברויט.

ס׳איז נייטיק איצט אַ שטאַרקע האַנט,
ווי אַ מאָל, אין דעם באַפרייונגס־קריג.
אין קאָן געשטעלט איז דער גורל פֿון לאַנד,
פֿאַר אייגנס די שלאַכט איז, פֿאַרן קינד אין דער וויג,

אומעטיקע טעג פֿון סוף זומער זענען געקומען,
מיט לעצטער שיין פֿון לינדער זון —
מיט האַרבסט צוגלייך אַ באַפֿעל איז געקומען,
און ער רופֿט אין מלחמה אויך אַן איינציקן זון.

אין אָוונט אַ שטילקייט אַ געפּרעסטע שוועבט אַרום,
ביי נאַכט — דאָס פּנים פֿון צאָרן דורך פֿינצטערניש פֿאַרבאָרגן,
בלויז דאָס האַרץ איז צעוויגט ווי דער אומרויִקער אַרום,
דער אוניווערז שווימט אַרום אין אַ טריבן פֿרימאָרגן.

האַרבסט-הימלען ווערן נידעריקער, גרויער,
אומהיימלעכער ווערט אין פעלד און אין וואַלד,
און צו די פּראָנטלער קומט דאַן דער טרויער,
אַן אומרו פאַר דער געלאָזענער מי זיי באַפאַלט.

מיר האָבן אַ מאָל שוין געזען ווי אַ שלאַכט ווערט געפירט,
ווי ס׳פאַלט דאָס הויז, ווי עס פלאַקערט דער שייער,
ווי צעטראָטן דאָס פעלד, די טראַקטאָרס רויִנירט,
און חרוב דאָס אַלץ, וואָס איז טייער.

אָט האָבן מיר זיך מיטן שונא געשלאָגן,
ס׳בלוט פון פּנים קוים אָפּגעוואַשן —
און ווידער טאַנקען פון דער פרעמד זיך יאָגן,
אונדז אין הייליקן טאָג מיט חורבן איבערראַשן.

מיר האָבן ווידער דערפילט דעם דרוק פון די יאָרן —
דער שוואַרצער אָדלער איז גרייט שוין אויף רויב;
איז אַ וווּנדער, וואָס מיר זענען אָנגעגאָסן מיט צאָרן,
און טוען אויף ס׳ניי זיך אַ האַסטיקן הויב?

נישט אויסצומעסטן איז אונדזער ליבע צום לאַנד,
אונדזער אָדלערישן שווּנג, אונדזער ווייטן פלי;
ס׳איז שטאַרקער פון שטאָל אונדזער טרייע האַנט,
קעגן די, וואָס ווילן באַרויבן אונדזער מי.

אין יענעם יום-כיפור איז אויסגעוואַקסן דאָס פאָלק,
דערפילט די קראַפט, וואָס איז אין אים;
געקומען איז מען צו אַ באַזינטן טאָלק
און יעדער דערהערט האָט אַ הייטערע שטים.

עס ציטערן צעוויגטע סירענעם-געשרייען,
זאָגן אָן געפאַר פאַר גרויס און קליין,
פון שטאָקן מען לויפט, פון אַ סכנה זיך באַפרייען,
זיך שיצן אין שעלטערס פון ציגל און שטיין.

ווען געדוכט, אַז דער הימל איבער אונדז וועט זיך שפּאַלטן,
אַז איבער האַלדז איז פאַרמאָסטן דעם שונאס שווערד —
אונדזער אַוואַנגאַרד, ווייט אַרויסגערוקט, האָט זיך געהאַלטן,
ביז די צוגעשיקטע הילף האָט דערגרייכט אַהער.

דער מיטנטאָג איז פאַרגאַנגען מיט אַ הילכיקן זאַלפּ,
עס גרייפט אָן דער שונא פאַרבאַרגענער אין היילן,
עס פלאַקערט דער בראַנד, עס ציטערט די נעסט פון שוואַלב,
און ווידער פאַראַן איז אַ וווּנד צו פאַרהיילן.

מיר האָבן צונויפגענומען אַלע אונדזערע קרעפטן,
אַוועקגעשטעלט אויף וואַך זיך מיט געווער אין האַנט,
ווייל אַ גרויסע ליבשאַפט טוט אונדז באַהעפטן
מיט גאָר דעם פאָלק, מיטן אייגענעם לאַנד.

ס׳גייט אָן דער שטענדיקער געראַנגל און געשטויס,
געהייליקט אויף קריג איז דאָס וואָפן;
קיין מינדסטן אָנדייט פון פחד מיר ווייזן נישט ארויס,
כאָטש ווי וועט דער שונא אונדז ווידער פאַרשאַפן.

דעם דרויסן האָט דער הייליקער טאָג פאַרצערט,
אויפן הימל האָבן וואָלקנס זיך געצויגן;
אין די שולן האָט דער ניגון נישט אויפגעהערט,
אַ ציטער־ווידערקלאַנג האָט אינעם רוים זיך פאַרצויגן.

שוין קומען פון פאַסטן אָפּגעצערטע געשטאַלטן,
זיי זענען, ווי דער שטייגער איז, גרייט צו פאַרטיידיקן
דאָס פאָלק אין לאַנד, דעם שונא פאַרהאַלטן,
זיך אַ לאָז טאָן צום פראָנט מיט אַ גאַנג אַ האַסטיקן.

נאָענטע, באַקאַנטע, פון אַלע זייטן און קאַנטן,
טרייַע זין פון פיבערדיקן לאַנד,
גייען, פאָרן, פליִען צו די פראָנטן,
מיט דער ביקס אין האַנט.

און ס׳דויערט דער שווערער געראַנגל,
אָט, און זיי פאַרצאַמען דעם פיינט אַלע וועגן,
סיי אין כוחות, סיי אין מוט, נישט פאַראַן קיין מאַנגל,
אונדזער אַרמיי פאַרהאַלט זיי אומעטום דורך געשלעג.

פים אין הויכע שיך טרעטן איבער דיונעס צעגליטע,
מיט געווער אין האנט, פארן ווייל פונעם דור,
וואס איז געווארן דער טרייער פאלגער און היטער,
פון גרויסן אחד, אין א צעהעלטן כאר.

גרינע בגדים, קורצע שינעלן,
הארטע שיך אויף די פים —
אט די דרייסטע זעלנער וועלן
ברענגען זיג אונדז אויף געווים.

יונגען פעסטע — שטאל און אייזן,
זאלן מערן זיך און מערן —
אומעטום זיי מוזן ווייזן,
אז שווער איז אונדזער בוי צו שטערן.

קוילנווארפערס צו יענער זייט
שטעפן אוים א פרייען באדן.
זיי נעמען אפ פון פרעמדער ווייט
דעם שטח וואס מיר מוזן האבן.

מטהר זיין אים מיט טרערן־רעגן,
און ווייטער אנגעגורט מיט מוט,
געלאזט דורך אלע וועגן,
זיך נוקם זיין פאר פיין און בלוט.

דעם שונאס זעלנער הינטער בערגלעך ראַיען,
עס קנאַלט, עס שטורעמט, דאָס פייער ברענט
און טריקנט אוים די לעצטע זומער־טויען
ס׳איז דאָס פייער צו אונדזערע ישובים געווענדט.

אין פאַרטיפטקייט פונעם זאַמדיקן אַרום,
האָט דער גרויל זיך אין די אויגן פאַרטרויט:
צעשראָקענע פייגל פליען אום
און פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קויל פאַלט אַ פויגל טויט.

פון אומעטום די פייער־שטראָמען
פלייצן דורך יעדן הויפן ערד.
אין איר איינגעווייד יוירן די זאָמען,
ווי אין רעגן אַלץ נאָך פאַרהערט.

קריגער, נישט וואַקל:
ציל אָן די געווערן —
דער לעצטער סך־הכל:
די פרידלעכע שטערן.

אין בעכער פון ליבע
שוימט פרייד שוין אַריבער;
אַ לויב אייך, ברידער —
קעמפער און זיגער!

## פאַר עקזיסטענץ

כ׳זע אַ צווייג פון אַ בוים, צעבראָכן
פון אַ מוראדיקן ווינט,
אָנגעשיט מיט סוף-זומערדיקע מאָכן,
פון בלעטער, וואָס האָבן אַ מאָל געגרינט.

דאָס פעלד ביים וועג נאָך וואַסער געשריגן,
דאָס געשריי איז הענגען געבליבן אויפן וואַלד;
די זאַנגען צעבראָכענע ליגן
פון טריקעניש דער באָדן זיך שפּאַלט.

אַ ווינט האָט די שויבן געהויבן,
זיי קלאַפּן, ווי די בלעך אויפן דאַך,
אומעטיקע וואָרקן די טויבן,
טראָט פון זעלנער אויף נאָענטן שליאַך.

זיי מאַרשירן אַרום גרענעצן און דערפער,
זיי וועקן אין חושך די אַנגסטיקע טירן,
זיי שטרענגען אָן אויגן און הערצער —
די וועגצייכנס נישט צו פאַרלירן.

זיי נישטערן סכנהדיקע וועגן,
ס׳קומען זיי טרוקענע פעלדער אַנטקעגן,
און ליידיקע שייערס,
מיט הייזקעס אין פייער.

כ'האָב וויפל פון זיי ערשט געטראָפן
גיין פון דער היים אין שול אַריין;
ווי גיך איז דאָס דורכגעלאָפן —
זיך געזעגנט מיט לופט און מיט שיין.

ווער קאָן פאַרשטילן געשרייען,
פאַריאָגן די אַנגסטן אין בליק,
אַז ווער פון די יונגען אין טראַנשייען
קומט מער נישט צוריק.

אַ וועג, אַ הייזל דערנעבן,
און אַ מאַמע אויף איר דאַליע קלאָגט;
אויב זאָגן, אַז ביטער איז איר לעבן,
איז וועגן איר ווייניק געזאָגט.

און נאָר דער הייסער מדבר־ווינט,
ברענגט איר אַ גרוס פון איר זון,
ער פירט דעם געפעכט אַצינד,
פאַר עקזיסטענץ אונטער דער זון.

# פרילינג

פלאַטערן בלעטלעך פרישע אויפן בוים,
יונגע, גרינע, ערשט צעבליט;
כ׳פיל דעם אָטעם שוין פון מאַראַנץ, פון מילגרוים,
פונקט ווי דעם אַראָמאַט פון אַ גיי ליד.

הער, ווי עס רוישט יונג דער בוים,
מיט ערשטע פירות באַשערט;
שטרעקט זיך גרינג און פריש צום רוים
און שטייט גרינגפיסיק אויף דער זאַפטיקער ערד.

די זון מיט מילדע שטראַלן באַווייזט זיך
פון איר נאַכטיקער שוים אַרויס,
לאָזט זיך אין שפּאַציר, ווי איך,
מיט פרייד־געמיט, צום נייעם טאָג אַרויס.

עס פרייט דאָס אָטעמען פון קליין, דין גרעזעלע,
וואָס ציט זיך אין גרינעם גלאַנץ צום הימל
און פון צעעפנטע פאַרביקע ליפּעלעך פון בלימעלע,
נאָך אַ נאַכט באַטויט, פריש דערוואַכט פון דרימל.

ווי גוט דאָ איז, ווי ווונדערלעך שטיל,
שפּילט אַ ווינטל אויף אַ פידל, זינגט און לאַכט.
טיף אין דיר ווערט געבוירן אַן אומבאַקאַנט געפיל:
הערסט דעם פידלער, האַלטנדיק די אויגן פאַרמאַכט.

כ׳האָב אַ טאָג פון לעבן ווידער פאַרזוכט,
געדולדיק, אָן טומל, געטראָגן אויף ס׳ניי די זאָרגן;
אַן ערלעכן ביסן אין שוויים געזוכט
כ׳וועל אים געפינען אין אַ זון-צעשפּילטן מאָרגן.

# אָטעם פון פרילינג

גייט־אויף דער ריינער אָטעם פונעם פרילינג,
דורך שטילן שאָרך אויף דינעם גראָז,
וואָס מיניעט גרין אין שטראַלן־מישונג
אויף די שפּיצן צעשפּילט ווי געשליפן גלאָז.

אין פרילינג אימפּעטיקע שטראָמען זיך צעפּליסן.
אויך אַנדערש ווערט דער גרויסער דרויסן און די זון אין רוים.
אַפילו דאָס קליינע גרעזל שפּראָצט מיט זאַפט זיסן,
און אויף ערשט צעגרינטע בלעטער ליגט דער גאָלדענער שוים.

ס׳וועקט מיך פון טרוים אויף
אַ דורכזיכטיקער קלאַנג, אָן ווערטער,
וואָס ציט זיך אויף מיין פענצטער אַרויף,
מיט גילדענע שטראַלן ליכטיק און לויטער.

מיין אויפגעלויכטן אויג ווערט צוגעשמידט
צו אַ צאַרט בלימעלע צעעפנט ערשט,
ווי מיינע פינגער זיך ציִען צו אַ ניי ליד,
וואָס ווערט פונעם ליכטיקן פרילינג באַהערשט.

# מ אָ ר ג נ פ ר י

כ׳וואַרט אַז די זון זאָל אַרויס פון דער נאַכטשויס,
און אַריינבליקן אין מיין וואַכיק פענצטער,
אין איר גאַנג צו דער ערד אַרויס —
פון אַלע פלאַנעטן דער שענסטער.

וואָך דאָס האַרץ איז שוין אין מיר,
מיך רופט אין גאַס דער מילדער ווינט.
ער ברענגט פון פויגל איר גרוס מיט שיר,
ווייך און צאַרט, ווי דאָס דינע קולכל פון אַ קינד.

דער טאָג דערוואַכט, פירט מיך צו דער מי,
די מי וועט מיין געמיט דערהויבן.
אָט, פאַר וואָס די בענקשאַפט נאָך דעם מאָרגנפרי,
וואָס כ׳דערוואַרט ביי מיינע אויפגעלויכטענע שויבן.

# מיט נייע עולים

רווישט דער טאָג פון אַלע זייטן,
בלענדן פענצטער מיט וואַכע געשטאַלטן,
שפּאַרן ווענט, באַוווינטע מיט עולים פון אַלע צייטן —
אַלטע און נייע שטאַמען באַנאַנד זיך האַלטן.

און ערגעץ דאָרט ביים סאַמע ראַנד,
ווערט געפּלאַסטערט שוין אַ נייער וועג,
נאָר דו וואַרטסט נאָך אַלץ ס׳זאָל ווער דיר דערלאַנגען אַ האַנט,
העלפן דורכלייגן דיר אין רוים דיין טרוימען־שטעג.

מיר הייבן העכער די בעכערס מיט וויין,
באַגריסן זייער קומען פון אַלע זייטן;
געבענטשט זאָל די ברודערשאַפט זיין,
וואָס גלייבט אין גליקלעכע צייטן.

מיט פעלדבלי און פריש באַשמירטע ווענט מיט ליים,
שמעקט דאָס באַנייטע לאַנד;
עס בויט זיך אַ פאַריינגערטע היים,
אויף מזרח־ימיקן ברעג מיט יידן האַנט־אין־האַנט.

מיר האָבן שטיין און ציגל צו בויען,
און הענט, וואָס קנעטן דעם ישוב איז זיי באַשערט;
כ׳הער, ווי דער באַגינען דופט מיט פרישע טויען,
פון בלומען צעבליטע אויף אייגן פאַרזייטער ערד.

דאָס פעלד אַ יעדן עולה אַהער פאַרבעט;
די זאַנגען איינגעלייגט אין הויכע סטויגן,
אָטעמען צום הימל מיט לויב און זעט:
— זע, פייגל הונגעריקע זענען צום שייער געפלויגן.

צווישן שטיין און זאַמד דאָ בליט דער טאָל,
דיביימער שמעקן מיט זומעררעגן.
כ׳וויל איצט גאָרנישט הערן, נאָר זייער קול,
וואָס רוישט אויף זילבער־בלויע וועגן.

כ׳זע זיי, די געקומענע, דער שטראַל אין זייערע אויגן,
צעפליגלט זייער טראָט זיך, ווערט לייכט זייער געמיט,
און דאָ נישט פאַרלאָשן איז דער גלויבן,
ווי דאָ איז צעזונגען מיין פרייד אין אַ ליד.

ברודער מיינער, ביסט אַריבער די זוניקע שוועל,
מיט פריידיקן ציטער האָסטו זיך גענענט,
און מיר טראָגן דיר אַנטקעגן אונדזער זעל:
— דער צוזאַמענזיין איז אָןביידן געווענדט.

אייגן דאָס קול, און דו ביסט אייגן,
אונדז שרעקן נישט מער קיין פרעמדע רייד;
קיינער וועט זיך מער נישט בייגן —
נאָר צום אַקער אויף דער בייט.

מיר גייען אונדזערע ברידער אַנטקעגן,
מיט שטאָלצע טריט פון באַפרייטן ייד,
און איר קומט צום ברעג דורך אַלע וועגן —
האַרץ צו האַרץ זינגט זיך איבער אַ פלאַמיק ליד.

## אין הייסע טעג

די זומערטעג איצט זענען, מער ווי שטענדיק, הייסער,
די זון גליט אין טאָל און אויף די בערגקעפּ.
די ווענט בריען אַרוים פון אַלע הייזער
און הייסע שטראַלן גיסן זיך איבער אַלע טרעפּ.

איבער אַלעמען הענגט אַן אָנגעגליטער הימל,
ווינטן מדברדיקע שניידן שאַרף אין געזיכט.
מענטשן פאַלן צו דער ערד אין מידן דרימל,
באַהאַלטן זייער פּנים פונעם רויטן שאַרפן ליכט.

אויסגעדעמפט איז דער קוואַל פון דער מידער ערד,
די וואָרצלען פון דיביימער זענען אויסגעזויגן טרוקן.
מענטשן-גופים אָפּהענטיקע, בלייבן פאַרלאָזן, פאַרצערט,
און אַקסלען דין און שמאָל אַראָפּגעלאָזט קוים צוקן.

ס'איז מיר שווער אַזאַ היץ צו איבערטראָגן,
איך בלייב שטיין ביי מיין שוועל, אַ מידער,
און עס ווילט זיך עפּעס זאָגן —
אַזאַ וואָרט וועגן פירן קריג מיט מיינע אייגענע גלידער.

# דער מויערער

אויף שטיגן גלייכע, אויף שטיגן קרומע — זייער לויף,
אַזוי פיל מאָל אין טאָג;
דער מויערער קלעטערט צום דאַך אַרויף,
אויך ווען די פיס זענען שווין מיד פון דעם יאָג.

ווייס-גרויער לבוש דעקט צו דעם הייסן גוף,
און פון פינגער וואָס קנעטן אין טיפן טיט,
אָטעמט גליַיך דער לעבנס-דופק אָן סוף,
פון יעדן אויסגעבויטן שטאָק גייען אויף יובלדיקע טריט.

ברייטע אַקסלען הענגען, ווי אַ טויער,
שאָטענען אויף ווענט פון ציגל און ליים;
הייבן זיך גאָרן נאָך גאָרן פון הויכער מויער,
ווי אַ פאָן, אַרויפגעצויגן איבער אייגענער היים.

פריידיקער געיעג אין שלל פון העלע שטראַלן-פאַרבן,
ציען זיך ליכטיקע הענט הויך אויף צעגליטע ווענט.
האָבן אויגן בלענדיק גענומען ארבן —
אַ שטוב, אַ היים, מיט זון אויף פענצטער צעברענט.

ווי מיילער פון ריזיקע פיש געעפנט,
און גלייך זיך פאַרמאַכן אויפן ים-פלאַך,
עפענען זיך אייזערנע טאָרבעס און שלינגען איין
דאָס זאַמדגאָלד, צו טראָגן ביזן הויכן דאַך.

זונגלי טריקנט די ריטשקעלעך שוויים פון פנים־קנייטשן,
ווי לאַגלען גאָלער יידיקייט זייגט דאָס סומנע געמיט,
ווען דער מדבר־ווינט ברייט מיט פייער־בייטשן
און טריקנט געל די הייזער־רייען צעגליט.

די זון — אַ פייערפלאַם אויף קעפ ביז סוף טאָג —
מע לויפט, ווי פון אַ שרפה, אין ענגן קוואַרטאַל אַריין;
טעמפּ־שווער די טריט אויף אָנגעגליטן שטיינברוק,
ביז דער אייגענער שוועל, מיט מידן געביין.

דער בליק צעלויטערט זיך איבער מויער־הייזער,
אויסגעוואַקסן, וויביימער, געהויבן אין רוים;
דער עכאָ פון אייזנקלאַנג, ווי אַ געשריי אַ בייזער,
אַרויסגעהויבן פון גראָ־ליימיקן תהום.

באַרג קלעטערט איבער באַרגס קאַרק —
הויז שטייגט אַריבער שכנס קליינער שטוב,
הייבט זיך ווי אַ פּויסט אויף שטיינבאַרג,
און אָנגעפּילט ווערט דער אַרום, וואָס איז געווען אַ פּוסטער גרוב.

## פון שאַפערישע טעג

כ׳האָב געשטעלט די טריט אויף הויכע שטיגן,
ווי כ׳וואָלט אַ זיגל געלייגט מיט מיין יעדן שפּאַן
צו אייגן ווינקל מיט היימישן ניגון —
זיין עכאָ קלינגט־אויס מיין: „איך בין פּאַראַן״.

איך האָב פריידיק געטיפּט די גוטע ערד,
געלייגט צו דורות אַ הויז־פונדאַמענט;
פעלדז און גראַניט האָבן זיך צוגעהערט
צום קלאַנג פון פינגער־באַוועג און הילך פון האַמער־הענט.

איך האָב איינגעזאַפּט פון ציגל דעם ברוינעם שטויב,
ווי דעם ערשטן אות אין חדר אין פריִען;
געבליבן אין מיר שפּורן פון שווערן טרעפּן־הויב,
צוגלייך די פרייד פון זען מויערן אין הייכן בליִען.

איך האָב זאַמד און ציגל צו הויכע שטאָקן געטראָגן,
דורך שווערער מי געהאָלפן אויפשטעלן זוניקע מויערן,
און ווען אַ דאַך־פענצטער אַ מערב־שטראַל האָט דורכגעשלאָגן,
האָבן מיינע מידע גלידער געצויגן זיך צו היימישע טויערן.

אויף דעם באָדן פון ווייניק הייזער און פּוסטע גאַסן,
וואָס כ׳בין ווען מיט זאָרג און האָפענונג אַדורכגעגאַנגען,
געזען איצט מענטשן פון דער אַרבעט און שילער פון קלאַסן,
קומען אַנטקעגן, גיסן זיך צוזאַמען אין כאָראַלע געזאַנגען.

פון פענצטער די מאָרגן־שטראַלן ווערן צעשפּרייטער שטויב,
הייבן זיך פון שטאָק צו שטאָק און פאַלן אַלץ נידער, נידער,
ווי שטערנדלעך צעשיטן זיך אויף אָוונטיקער שויב.
— פון יענע טעג שרייב איך איצט די הייסע לידער.

## דוכט זיך

אויף אייביק שוין מיר זענען דאָ,
און פרעמדע וועלן נישט זיין אונדז קיין באַפעלער;
די ווונדערקראַפט אין בלוט וואָס אין אונדז רינט דאָ,
זיכערט אונדזער מי און מאַכט דאָס לעבן העלער.

גייט דאָ אַ געזאַנג אויף פון היימישע ווענט,
פון זינגער פון אַלע עקן וועלט.
— אַ וואַלד פון אויסגעשטרעקטע הענט,
וואָס האָבן צום רייפן שניט זיך געשטעלט.

אויף דיין געדולדיקן רוקן, ערד, האָט מען רעשיק געבויט,
פּאַר נייע עולים, נייע צימערן;
אַרום אַרויפגעשטרעקטע בעטאָנענע בלאָקן האָבן געראוישט
די מאָטאָרן פון הייבקראַנען און קלאַנג פון מעכאַנישע האַמערן.

אַ טאָג אַוועק, אַ טאָג קומט אַ נייער,
די זון לויכט אויף ערשט אַריינגעשטעלטע שויבן,
ס׳ווערט אויער אָנגעשפּיצט צום רעש אויף בנין נייעם,
ווי צום פליגלפאָך אויף פענצטערגלאָז פון אַ פּאָר יונגע טויבן.

די בויער קוועלן אָן און נחת קלייבן,
פון דער מי און אַלץ וואָס האָט זיך אַרום צעבליט,
וואָס מ׳קען דעכער העכער נאָך הייבן,
טוט זיי האַרציק פרייען, מאַכט שטאָלץ דאָס געמיט.

ס׳טאַנצן שטראַלן אויף שוואַרצע, אויף גראָע קעפּ,
איינער נאָכן צווייטן געשווינד זיך טראָגן;
איבער מויער, אויף העכסטע שווינדלענדיקע טרעפּ,
האָט אַ ווונדיקער דור אַ גאולה־קלאַנג צעטראָגן.

טראָגט געזאַנג זיך פון אָפענע ווייסע טעראַסן,
וואָס הענגען אין הייכן ווי פליגל ערב פלי,
זיי פלאַטערן ווי פאָנען צעשפּרייט איבער ליכטיקע גאַסן,
ווי זיי וואָלטן יום־טובן די אויפגעגאַנגענע מענטשלעכע מי.

ערגעץ פעלט נאָך אַ ברעט, אַ טשוואָק,
און נאָך נישט דערזונגען האָב איך מיינע לידער;
גלוסט זיך אַ באָרג טאָן ביי דער זון אַ שטיק טאָג,
און צו בלייבן ווי אַ בריק פאַר ברידער.

מער פון אַלץ פאַרכאַפּט מיך,
און כישופט מיך און בלענדט,
ווען איך זע ווי קלוג איז יעדער ריר
פון האַרטע, פלינקע הענט.

ס׳איז, דוכט זיך מיר, יום־טוב היינט,
דערפאַר, אפשר, וואָס פון יעדן שטאָק
בלענדט העל און רויט צעשיינט,
אַ זון צופרידן פון טאָג צו טאָג.

סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט,
כ׳בין אין דער וועלט היגער אַ פרייער,
און ס׳ווערט מיין ליד מיט פרייד געבראַכט
אויף אייגענער ערד, פאַרן בויער און באַנייער.

# אויף היימישער ערד

פון בארג אראָפּ, פון טאָל אַרויף,
די שפּע־פרייד צום האַרץ דערלאַנגען ;
גיסט אַ קוק צום בלויען הימל אַרויף,
און ס׳האַרץ ווערט דיר פול מיט געזאַנגען.

אַזאַ בלענדנדיקער טאָג,
אַזאַ בלויע נאַכט !
מיך ציט פון יעדן ראָג,
צו גאַס, ווו מיט פרייד דאָס לעבן וואַכט.

היימיש איז דיר די זון און די שטערן,
זיי קומען דיר אָפּט מאָל מיט נחת אַנטקעגן,
אויך די ערד און דער גאַנצער אַרום דיר געהערן,
סאַראַ ווונדערלעך פאַרמעגן! —

כ׳פיל, אַז די זון איז פאַר מיר אַ געשאַנק,
איך קוק פאַרווונדערט אַרום זיך ווידער אַ מאָל,
און עפּעס איך מורמל שטיל אין געדאַנק :
— יידיש לעבן אין לאַנד ישראל...

ביימער זינגען און גייען דיר אַנטקעגן,
וועלדער פרייען זיך ביים פעלדישן ראַנד,
ווו ס׳ליגט פאַרשטעמפּלט דעם זייערס טראָט אויף שטעגן,
ווי די פרוכט פון זיין געבענטשטער האַנט.

## ווּ ס'זינגט אַרויס די מי פון קויש

שפּאַן איך אין גערדאַנק איבער שטאָטישן געווּיש
צו שטילע גראָזן אַרום אַ דאָרף־שטיבל קליין,
ווּ ס'זינגט אַרויס די מי פון פּולן קויש,
די שפּע אַרויסגעריסן פון מדבּרדיקן שטיין.

מיט שיין אין די אויגן, מיט ערלעך וואָרט,
זענען מענטשן אין טריישאַפט צום פאָלק געקומען.
בכבודיק איז געווען זייער אָרט —
ס'האָט פרוכטלאָזע ערד בליִען גענומען.

קלאַפּט אין האַרץ אַ קוואַליקער ברויז:
ס'ציט מיך פון די דושנע שטאָטישע מויערן,
צו די זוניקע, פרייע פעלדער אַרויס.
— זע, מענטשן, פרייליכע, קומען און געפינען אָפן טירן, טויערן.

פון ראַשיקן שטאָטישן לעבן וועל איך אַוועקגיין,
צו דער שווייגנדיקער, קליינער דאָרף־וועלט;
מיט פאַרשטילטן אומרו זיך לאָזן גיין,
אַהין, ווּ ס'וואַקסט אַ ישוב אַרום צעבליטן פעלד.

כ'וועל קומען אין אייער קליינער היים,
אין די פיר ליכטיקע ווענט;
פאַרן מינדסטן שטיקל ברויט אַרום בוים,
בין איך גרייט טראָגן שטיינער אויף מיינע דאַרע הענט.

לאָזט מיך זיצן ביי אייער טיש,
נעכטיקן אין די פיר געקאַלעכטע ווענט.
אַ גרינער שליאַך פאַר מיינע פיס,
און טראָפּנס טוי אויף די הענט.

ווייל מיין זעל, איר געפעלט
די רויע דופט, די ערדישע, פון ערב־מאַי,
און דאָס שטילע דורכגיין דאָס גרינע פעלד,
וואָס בליט, ווי אַ בלויער חלום דאָס אויג פאַרביי.

איך שלינג די לופט פון אַ נייעם ישוב,
דעם ריח פון פרישע צווייגן.
קאָן זיך דאַכטן, אַז ס'איז כישוף
די רייכקייט פון בערג, פון טאָל דאָס שווייגן.

אונטערן שטערן־פלאַם צעבלענדט,
אין היי אין פרישן, אָן אַ קישן,
דעם מידן קאָפּ געלייגט אויף הענט,
אַ ווינטל כ'זאַפּ אַרײַן, ווי טויגלאַנץ פרישן.

## צו באַשאַף

דער זייגער דערמאָנט מיך די פרימאָרגן־שעה,
טראָג איך מיין מי צו באַשאַף מיט עול באַגלייט,
ווי איך טראָג נאָך דער קורץ־נאַכטיקער רו,
אויף מיין אַקסל מיין מאָרגן־קלייד.

מיט פאַרשלאָפענע פינגער מיין טיש געגרייט,
ווען נאַכטשאָטנס פאַרבליבענע וויגן זיך נאָך אויף ווענט,
און אַלץ, וואָס איך טו, פאַלט שטילערהייט
פון מיינע נישט אויסגערוטע הענט.

באַטרעט איך די שוועל אַרוים מיט ליכט אין בליק,
איך זאָל נישט גיין צום אַרבעטסטאָג ווי אַ שאָטן אָן רו;
איך זע, אין מיין דמיון ווי צוגעטיילט גליק, —
די נאַכט, וואָס קומט צו מיר מיט שטילער רו.

איך וויל צו מיין היים צוריקגיין פון יאוש פריי,
און טראָגן מיין אויפטו מיט לויב באַגלייט,
און אויפגיין זאָל דער גלויבן אין יעדן טאָג אויף ס'ניי,
ווי די זון גייט אויף אין דער לענג, אין דער ברייט.

## זומער אין פעלד

דיביימער אין היץ חלומען פון רעגן,
דאָס באַלאָדענע גאָלדקאָרן איז פול מיט דאַנק.
מיין האַרץ פון בענקשאַפט טוט זיך רעגן,
און בעט זיך ווי אַ קינד, נאָך זיין געגאַרטן געשאַנק.

ווי בין איך מקנא דעם אַקער אין שטעג,
ס'האָט פון לאַנג זיך די ערד מיט שטאָל באַקענט,
זי פאַרנעמט פריינדלעך דעם שניט ביזן וואַלדיקן ברעג —
דעריבער איז ענג מיר אין שטאָטישע ווענט.

דער אויסגעוואַקסענער צעדערבוים
טראָגט די קרויזן-צווייגן, ווי קרוינען אין הייכן,
רייסט זיך מיט זאַפטיקע גלידער אין רוים,
וויל מיט זיינע שפּיצן די קלאָרע הימלען דערגרייכן.

שטאָלץ אין זיין שאָטן שטייט דער בוים,
אַ ווינטל ווייך צערטלט די בלעטער צעשפּילט;
דאָס אויער האָרכט זיין וואַקסן צום ווייטן רוים,
און דאָס האַרץ פון דער ערד איז מיט גליק אָנגעפילט.

די צווייגן צעפליגלען זיך מיט אַ פריי געמיט,
שפּראָצן גרין און ווידער יונג,
שפּיצן אָן די בלעטער, ווי אויערן צו אַ ליד,
בייגן זיך אָן, ווי אַ דורשטיקער צו אַ טרונק.

זומערווינט, לויף אויף מיין פענצטער פאַרביי,
טראָג פון מיין האַרץ דעם אומעט אַוועק
און ברענג מיר דעם זאַפטיקן דופט פון פרישן היי,
געקאָסעט אין פעלד אין זאָרגלאָזע טעג.

# פון שלאָף דערוואַכט

אָפּט פון שלאָף איך דערוואַך,
ווי נאָר קאַיאָר געבוירן ווערט מיט ערשטן שטראַל,
און קלויבט זיך פלייצן איבער גרויען נאָך שליאַך,
צאַפּלדיק-פריש, ווי אַ וואַסערקוואַל.

כ׳זע געדיכטע וואָלקנס, קאָלירטע טיכער,
זיך איילן אין הייכן,
דעם הימל אויסבעטן וואָס גיכער,
מיט בונטע פאַרבן, וואָס צעגיסן זיך ווי טייכן.

עס טרעטן אָפּ די נאַכטשאָטנס פאַרן אויפגעהעלטן טאָג,
און בערג ווייליק דעקן אָפּ די קעפּ די גרויע,
די ווינטן שטעלן אָפּ זייער איילנדיקן יאָג,
און פייגל לאָזן זיך מיט געזאַנג צו די רוימען פרייע.

ס׳איז מיר נישט קיין שטער די הויכע שוועל,
בעת עס ווערט מיין מאָרגנטראָט ליכטיקער און גרינגער,
אויך די שטים פון האַרץ גייט אויף העל,
ווי דאָס קול אין פרימאָרגן הערט זיך יינגער.

ס׳קומט אויך די מילדע, ווייס-קלאָרע טויב,
און פלאַטערט לייכט איבער דעם מידן קאָפּ,
און צו דער פאַרשלאָפענער, בלאַסער שויב
לאָזט זי זיך שטיל וואָרקנדיק אַראָפּ.

# וואַך אויף, מיין קינד

וואַך אויף, מיין קינד,
מאַך אויף די שיינע אויגן;
העלער ווערן די בערג אַצינד,
און דער הימל הויך — מיט בלאָ פאַרצויגן.

קינדערלעך פון זיסן שלאָף האָבן דערוואַכט,
אַ פרימאָרגן־ווינטל טוט זייערע ביינדעלעך דערפרישן,
אויך דער באַרג, דער טאָל האָט אויפגעוואַכט,
און פון הימל די לויטערע שטראַלן הייבן אָן גיסן.

אַ קינד שפּילט זיך זומער אין גאָרטן,
אַ פייגעלע זינגט מיט אים מיט;
אַ בלום אין פאַרבן צעוואַקסט זיך דאָרטן,
דערפרישט דאָס קינדערשע געמיט.

# אַ זייגערל

אַ זייגערל אַ שיינס,
גרוים — אַ דרויבעלע,
אַ ווייזערל אַ קליינס,
הינטער קלאָר שייבעלע.

רעדערלעך, שפּיציקע ציינדעלעך,
דרייען זיך אומרויִק, גיך,
שרייפעלעך, גלאַנציקע פינטעלעך,
מייסטעריש אַריינגעשרויפט אין זיך.

אָטעמסט ווי לעבן, אַרויף, אַראָפּ,
ווערסט געטראָגן פון קליין און גרוים,
נאָר פאַלסטו פון ערגעץ ווו אַראָפּ,
איז מיט דיין חיות, חלילה, אוים.

טיק־טאַק — אַזאַ מין טעטיקייט־שטייגער,
טוסטו, ווי געצוווּנגען, האָרכן.
דאָס קלאַפּן פון האַרץ און פון זייגער,
אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט הערסטו שאָרכן.

# ק י נ ד ע ר ל ע ך

שוועבט אַ קלאָר־ווייס טייבעלע,
אַהער, אַהער;
קלינגט אַ קינדס שטימעלע,
ווי אַ גלעקעלע דין־דין.

פייגעלעך זינגען אין פלי,
אַ קינד מורמלט שטיל,
פּאַר שפּראַך צו פרי —
שוין רעדן עס וויל.

ווי אַ פויגל פריי אין פלי,
צו די הויכן, צו די ווייטן,
לאָזט דאָס קינד זיך אין דער פרי,
אויפן קליינעם פערדל רייטן.

# חורבן־בלעטלעך

כ׳וועל קיין מאָל נישט באַטרעטן מער יענע ווייטע ברעגן,
כ׳גיי נישט צוריק צום אָרט וווּ כ׳בין געוועזן אַ מאָל,
מיטן ווייטיק אַרום כ׳האָב זיך אָפּגעזעגנט —
כ׳גיי נישט מער איבער טויטן־טאָל.

איך גיי, אין געדאַנק, מיין אַלטע היים פאַרביי,
ס׳איז שטויב און אַש פון אַלץ דאָרט געוואָרן
און אָנהייבן אויף ס׳ניי איז נישט כדאי,
כ׳בין דורך דער צייט אַנדערש געוואָרן.

ערגעץ־וווּ, ביי חורבן־בלעטלעך,
ברעכן, שטעכן מיינע גלידער.
יעדער אות בעט ביי מיר צערטלעך:
פיר מיך אַריין אין דיינע טרויער־לידער.

# היים אין חורבן

**א**

הענגען טויערן פון פאַר און נאָך זונפאַרגאַנג, פאַרמאַכט,
פאַר ייִד, דאָ און דאָרט, נאָכן חורבן דאָך פאַרבליבן,
זע, דער מאַמעס שאָטן פלאַטערט אין ווינטיקער נאַכט.
די טיר פאַרמאַכט, פון דער שוועל — שטיינער צעוואָרפענע געבליבן.

מיין היים האָט דער ברוינער שונא אויסגעפּלינדערט,
די טירן שטייען צעפּראַלטע, איבער דער שוועל גייט נישט קיינער.
ווער נישט אומגעבראַכט געבליבן איז פאַרוויִנדעט,
און פון גאַנצן האָב-און-גוטס — צעוואָרפענע שטיינער.

שוואַרצע האָריזאָנטן שווימען אין דער נאַכט אַריין,
און טוען אָן אויף באַרגיקע קעפּ שאָטנדיקע קרוינען;
פאַרלאָשענע לאָמטערן אויף מיין מאַמעס לעצטן וועג אַליין,
איבער אומבאַקאַנטע צעריסענע פּלוינען.

די שטוב-ווינקלען וויגן זיך אין שוואַרצן;
פון וואַנען קומען די אויסגעלאָשענע שויבן אהער?
עפּעס קילט אַזוי אין האַרצן —
אויף דער איינזאַמער שוועל פאַלט אַ טרער.

אַוועק פון דאַנען שוין אַזוי פיל יאָרן,
און אויף דעם שליאַך אויסגעוואַקסן איז אַ דאָרן.
אויף די וועגן פּויקט אַ בייזער ווינט,
און דאָס האַרץ קיין רו נאָך אַלץ נישט געפינט.

אויף יענער זייט ים,
אין אַ ווילד־שוואַרצן וואַלד,
בלאָנדזשעט אום מיין מאַמע,
צווישן שאָטנס פון נאַקעטע ביימער.

עס ציט מיך אַזוי אַהין צו די ברעגן,
ווי ס׳וואָלט מיין מאַמע, מיר ווינקען אַנטקעגן;
די פרימאָרגנס יאָגן מיך מיט וואָלקנס באַגלייטע —
ס׳וועט מסתמא דיין געשטאַלט זיך ווייזן אין די רוימען ברייטע.

כ׳וויל דערהויבן דאָס געמיט,
אַרויסברענגען דאָס איינגעוויגטע ליד,
ווי זי וואָלט איצט פאַר מיינע אויגן געשטאַנען,
און איך האָב איר ליבשאַפט ערשט פאַרשטאַנען.

זכרונות, ווי ריחות גוטע, וועל איך פון זיי טרינקען;
ס׳אַ בלום — מיין פנים לאָז איך אין איר שיינקייט זינקען.
ס׳האָט דיין גוטסקייט איצטער פון זיסן חלום דעם ווערט.
דיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט, ביסט אין עפּעס פאַרהערט.

ב

דאָס בייז באַגעגנט זי האָט מיט אַ תפילה;
די מאַמע מיינע — אַ טויב געווען איז אַ שטילע,
כאָטש דאָס לעבן האָט איר פיל מאָל גענאַרט,
האָט זי פאַרעקשנט אויף אַ נס אַלץ נאָך געוואַרט.

מאַמע גוטע און פיל ליידנדיקע,
פרומע, פראָסטע און געדולדיקע, —
טראָגסט די שווערע טעג, פון דאגות געבויגן,
טובלסט אין אַ ים פון טרערן דיינע מילדע אויגן.

און אמת, זי וויל, מען זאָל איר גלויבן,
און דערמיט גרייטן זיך פאַרן בית־דין דאָרט אויבן —
אוצרות און פּאַלאַצן דאַרף זי דאָ נישט האָבן,
זאָל נאָר איר געביין ווערן כשר באַגראָבן.

אירע מילדע בלאָע אויגן,
טראָגן אַ פרומע באַשיידנקייט;
גלייביק די שווערע טעג געצויגן,
און געבענטשט פאַר דעם ביסל זאַטקייט.

כ׳פיל נאָך איר וואַרעמע ליבשאַפט,
דעם זויבער־ריינעם בליק אין אויגן ווי זונשיין,
וואָס לייכט־אויף מאַמעס רחמים און ווילשאַפט
און דרינגט ביז אין האַרצן אַריין.

אין יעדער תנועה,
אין יעדן גאַנג,
אַ שטילע צנועה,
אַ נשמה־געזאַנג.

מיט ווי אין האַרץ און ביטערניש צווישן די ציין,
אין שטענדיקן געראַנגל מיט דער נויט,
האָסטו מיט האָפענונג מיך באַגלייט אין דער וועלט.
טראָג איך מיט דאַנק איר בליק צו דעם מזרח־רויט.

אירע רייד איך חזר איבער, איך זאָל זיי אין זיך בעסער דערהערן,
ווייל נישטאָ איז שוין דאָס מויל, דאָס ריינע,
צו וועלכן כ'זאָל מיין אויער קערן —
כ'הער נאָר בלעטער רוישן און בינען זשומען אויף בלומען שיינע.

מיט פרייד, מיט זאָרג, באַגלייט מיך אין גאַנג,
נאָר אין איר ברוסט טוט איר אַזוי באַנג.
אַן אומעט אונדז בלייבט נאָכן צעשיידן —
די זון אין שקיעה שוועבט צווישןביידן.

אין קנייטשן איר ערלעך פנים.
מיט בלוט יאָמערט די נאַכט.
מיין רוף צו איר פאַלט, ווי אַ שטיין אין תהום —
דער אומגליק שלאָגט אָן זיך אין אַ מויער.

ג.

אין היימישער שטוב, אויפגערוימטער,
איך זע זיך אין אַ ווינקל זיצן,
אַ שטילער, פאַרטרוימטער,
סיי אין קעלטן, סיי אין היצן.

מיין מאַמע האָט מיך געטראָגן אונטער איר ברוסט,
נאָכגעגאַנגען, נאָכגעטראָגן מיר נאָך אַנאַנד
אַלץ, אויב איך וואָלט נאָר געמוזט
אָננעמען איר אויפמערקזאַמע האַנט.

אויסגעטאָן מיך פאַרן שלאָף,
מיר אָנגעטאָן אין שטילן באַגינען,
ס'האָט מיין אַנגסטיקער רוף,
אַן אָפּקלאַנג אין איר איידל האַרץ געפונען.

פון מיין פּאָקן און מאָזלען האָט זי געוווּסט,
מיט זאָרגן געזעסן לעם מיר שעהענווייז לאַנג.
פאַרדעקן פאַר מיר דאָס בלייכע פּנים זי פּרוּווט,
ווייל פאַר מיין מינדסטן וויי טוט דיר, מאַמע, באַנג.

און די מאַמע, שוין מיד,
נאָך אַ לאַנגן טאָג מיט זאָרגן,
זינגט מיר נאָך שטיל אַ ליד :
— שלאָף גיך איין צו שעפּן כּוחות אויף מאָרגן.

ערלעך צו זיין האָט זי דערנאָך מיך געלערנט,
מיין פּשוטע מאַמע, וואָס האָט אַזוי לאַנג
שווער געאַרבעט, געריימט מיט אייגענע הענט,
און קינדער פאַרוויגט אויף ביי נאַכט מיט געזאַנג.

דאָס ליבע קליינוואַרג וואַקסט אונטער.
דער בוים ביים שטוב ווערט געדיכט.
בייזע בשורות וויינען פון די פנימער אַרונטער,
ווען איבער קאָפּ הענגען וואָלקנס געדיכט.

# מײַן שטעטל

## א

כ׳פיבער אַרום דורך פאַרקלעמטע צײַן,
אַ וואָרט, וואָס טראָגט שוואַרצן ווײ,
ווען ס׳טוט דער לעצטער מערב־שטראַל פאַרגײן
אויף מידע קינדער־שאָטנס אין קאַלטן שנײ.

אַנטקעגן דעם געוויין פון קינדס לײב און גליד
איז שוואַך דאָס געוויין פון מײַן ליד;
און אותיות, וואָס גליִען אויפן ווײסן פאַפּיר,
נישט פאַרטווישן ווען ווײסטן צער אין מײַן געמיט.

פאַרלאָשן שוין דער וואַנזין־פלאַם,
נאָר איבער אים שטײגט, ציט זיך העכער
דער ניגון פון דורות איבער אײנזאַמען שטאַם,
מיט נאַכטיקן ווינט איבער חרובע דעכער.

ציט זיך אַ ניגון פון אַשיקן פלאַם,
ווי האַרבסטיקע וואָלקן־שטיקער, צעריסענע גלידער,
ציִען זיך אויפגעטונקלט איבער צווײַג און שטאַם
און בײַ אײנזאַמע שוועלן באַהעפטן זיך ווידער.

געפלויגן די גאָלדענע פאַווע אַ מאָל,
געפאַלן איז זי אין טאָל, ווי אַ פײערדיקע שפּיז אין אַ האַרבסטיקן טאָג,
געבליבן אַ פעדער, אַ בלוט־פלעק, אַ גלימער, אונטער אײביקער זון —
אַ צײכן אַ טונקעלער אויף ווײַסן שנײ פון רוצחישן טראָט.

ב

אַ שטעטל, צווישן שטעטלעך, אַ רינג אין אַ רינג — אַלעקסאַנדער;
די פרייד, די זאָרג — אין זיך באַזונדער,
און מיט אַלעמען באַנאַנדער,
פון דורות פאַרבונדן, ווי אַ קנופּ מיט ירושה־וווּנדער.

אין פוילן־לאַנד אַ שטעטל פון שטעטלעך,
וויגן זיך שאָטנס אויף סומנע ריגל,
הויזט צווישן ווענט פון פאַרקניפּטע ברעטלעך,
זעלבסט־פאַרנאַכטיקייט פון זילבער־שפּיגל.

אין באַגינען נאָך, זילבער־שימער,
מיט ערשטן בליק פון אויפגייענדיקער זון,
שטראַלן־קאָלירן וויגן זיך הין־און־הער,
פאַרפלעכטן זיך אויף בית־מדרש־ווענט מיט אַ ניגון.

אין די קלויזן מיט השכמה,
גייען לערנער, יידן פרומע,
גמרות שווערע, מיט גאָטס הילף, לייכטער טראָגן,
און פאַר שחרית געשווינד תהילים זאָגן.

אין פריִער שעה, אין פרומער,
קומט דער שוחט, דער רב,
מיט פאַרחלומטע גלידער אין גוף שטומען,
און לאָזן זיך אונטער מקווה־טרעפּ אַראָפּ.

ס׳גייט שמחה דער זאַקנמאַכער, חיים וועבער,
מיט שלאָף נאָך אויף וויִעס אין פאַבריק;
ס׳גייט זרח דער מעטריקע־שרייבער
מיט וואַקלטריט פון שענק שוין צוריק.

קומען פרויען אין די מאַרקן מיט געשטעלן,
לייגן צוימען פאַר ברוק און בראָק;
קומען שניידער, שוסטער מיט געזעלן,
ברענגען אוצרות נאָך באַהאַלטן אין בטחון־זאַק.

פון צעשוווּמענע טונקעלע קאַנטורן,
שיילט זיך אַ ליכטיקער פרימאָרגן אַרויס,
ווי פון אויפגעבליטן זכרון,
די קינדער־יאָרן אויף מאַמעשים שוים.

ג

דאָרט ווו כ׳האָב דורך שפּאַלטן פון האָלצענער שטוב
געזען די זון קוים אין דער הויך,
ווען מיין מאַמע געוועקט צו דער אַרבעט מיך האָט —
פון פאַבריק־קוימען געשפּאַרט האָט שוין דער רויך.

מיין מאַמע, מיט מילדן בליק, שטייט מיר צוקאָפּנס,
די בלויע נאַכט לעשט שטערן נאָך שטערן,
דער קאַיאָר שפּרייט אוים אויף מיר אירע פליגל,
ווען ס׳בענטשט מיך מיין מאַמע, אויף מיינע אומבאַקאַנטע וועגן.

כ׳זע פאַר זיך די נאַכטיקע היים,
דעם טאַטן, דער מאַמען, קינדערלעך, היפּש אין צאָל.
געקוואַלט האָט ליבשאַפט צווישן ווענט פון ברעטער און ליים,
יעדער מיט זיין וועג, יעדער מיט זיין קול.

מיינע ערשטע טריט דאָרט, צוזאַמען מיט דער נויט,
מיין שטוב געשטאַנען איז אין דער „יידישער גאַס״.
געזען דורך מיין נידעריקן פענצטער די שקיעה רויט
פון אונטער דעם געבויגענעם שינדלדאַך.

איך שפּיר ווי דער ווירבל-ווינט טוט די שטוב אַ הויב
און טראָגט דורך חשכות מיין וויגל אַרויס,
און פאַלט אַרונטער, ווי אין האַרבסט, אַ בלאַט פון בוים,
ס׳בלייבט פון דער שטוב, נאָכן חורבן, אַ צעבראָכענע שויב.

ד

איבער מיין פענצטער שפּילן זיך שטראַלן, פאַסמעס גאָלדשטויב,
בלעטער פלאַטערן פאַרביי, ווי פייגל אין האָריזאָנט,
דער ווינט קלאַפּט מיט טויטפינגער אין מיין שויב
און שטערט מיין רו און הויזגעזינד.

כ׳פאַרגין נישט מיינע אויגן צו זען
ווען די זון גייט ווידער אויף אויף מיין פענצטער,
כ׳וויל נישט מיט מיינע ציטערדיקע פינגער צען,
זאַמלען פון זון אין באַגינען געשליפענע ווערטער.

ס'טרויערט די ווערבע טיף אַראָפּ,
די גרינקייט פון פליין האָט דאָך פאַרצערט דאָס בלוט.
דער הימל הויערט אָן שיין — אַ פינצטערער גרוב,
מיין נשמה ווערט געבוינן פון שנאה און ווייטאָג.

געווען איז שפע פון צייטיקן קאָרן,
אַ זון האָט אַראָפּגעשיינט מיט ליכטיקן טאָג ;
איצט איז דער הימל אין צער פאַרלאָשן געוואָרן,
און וואָלקנס פינצטערע הענגען איבער מיין שטוב.

אין פאַרנאַכטיקן אומעט פון אַמאָליקער היים,
געהערט די קאָרעס אויפן שטאָם אין וואַקסן זיך שפּאַלטן ;
היינט הער איך דעם שאָרך פון די שטריק, וואָס ברעכט דאָס געביין
פון ברודערס גוף, צום בוים, צוגעשפּאַרטן.

קיין שפור מער פון אונדזער יידישער גאַס דאָרטן —
דאָך, האָט אין מיר מיין האַרץ נישט אויפגעהערט
צו טראָגן און צערטלען דעם פירקאַנטיקן „לוסטגאָרטן"
פון ביימער מיט אומעט צערווישט, וואָס דערגרייכט מיך אַהער.

געבליבן, ווי געווען, דער „לוסטגאָרטן"
אין מאַרקפּלאַץ, דעם רונדן ;
נישטאָ זענען בלויז די יידן דאָרטן,
וואָס פלעגן קומען רוען אין שאָטן.

אויב געבליבן איז נאָך דאָרטן,
אַביימל בלויז פונעם גאָרטן,
זאָל עס דערהייבן זיך גערן
פון די זאַפטן פון מיינע אויגן-טרערן.

# מיין מאַמע

אין שלאָפלאָזע נעכט טויכסטו אויף,
אָן אומעטיקע זע איך דיך גיין
פון פאַריאָגטער היים דורכן פוסטן הויף —
אין חושך פון פאַרגיין.

מיין מאַמעס געזיכט שטייגט אויף פון די פלאַמען
מיטן צער פון אירע פאַרשניטענע קינדער.
איר רחמנות־בליק שווימט אַריבער ימען,
אויסווישן אַ טרער מיר מיט פאַרקוילטע פינגער.

עס ווייגט אַריין אין מיין חלום איר געזיכט,
אַ לעצטע טרער פאַלט אַראָפּ, ווי אין תהום.
אין הימל צינדן אָן זיך אירע בענטשליכט —
די ברכה צעטראָגט זיך אין רוים.

טאָג און נאַכט האָבן זיך צעשיידט,
עס איז די שעה פון נעילה.
מיין מאַמעס האַרץ אין טרויער פאַרגייט —
איבער מיין צוקאָפּנס וויברירט איר תפילה.

ערד, קילע ערד, וויגט דיך, הילט דיך איין,
בעט דיר אויס אַ שוואַרץ געלעגער;
נישט דערגיין קאָן צו דיר די מאָרגנשיין,
ווי ס׳דערשיינט נישט מער ביים טיר דער וואַסער־טרעגער.

אין חלום כ׳זע זי פאַר מיר שטיין,
ווי שניי־פרימאָרגן בלענדט איר פּנים ריין;
גייט אום צווישן די קינדער צאַרט און פאַרקלערט
און די ליפּן אירע לויבן, ווער לויב איז ווערט.

אַ שטוב — אַ גרויס הויזגעזינד,
אויפן טיש אַ וואָכיק ברויטל,
האָט די טרייע מאַמע געקויפט אַצינד,
פון דעם אָרעמען קלייטל.

מיין מאַמע — געזאָרגט און געזונגען,
געהוידעט האָט מיין וויגעלע,
דערציילט ווי ס׳האָט מיטן גלעקל געקלונגען
און אויף וועגן געשפּרונגען אַ שנייוויים ציגעלע.

זי האָט מיך געגערט מיט איר מוטערישן גליק,
מיינע קאַרגע שפּילעכלעך — אירע תּנועות פון פלינקע הענט,
וואָס האָבן ווייך געגלעט, ווי איר וואַרעמער בליק,
איידער די קאַלכאויוונס האָבן איר לעבן פאַרברענט.

אויסגעטאָן מיך פאַרן שלאָף,
מיך אָנגעטאָן אין באַגינען.
ס׳האָט איר אַנגסטיקער רוף
אַן אָפּקלאַנג אין מיין האַרץ געפונען.

דיינע ווערטער פאַרגאַנגען לאַנג
געבליבן איז די גוטסקייט פון דיין קול,
ווי פון זילבערשאַל דער קלאַנג,
פון פאַסטעך־האָרן צווישן באַרג און טאָל.

מיין ליד זאָל דעם אמת וועגן דיר זאָגן;
כ׳בין דאַנקבאַר דיר, מאַמע, ערשט אַצינד,
ווען ס׳איז שוין שווער אויף הויכן באַרג די לאַסט טראָגן,
און ס׳טוט צו דער ערד מיך שטויסן אַ שטורעמווינט.

## מיין טאַטע

כ׳קום צוריק צו ווייטע פאַרגאַנגענע יאָרן,
כ׳בלעטער אויף דאָס לעבן ווידער;
ס׳גייט אויף מיין טאַטנס וועלט אין מיין זכרון,
און אַ שפּור פון מיינע ערשטע לידער.

ווי כ׳וואָלט אים זען אַרומגיין אַ פאַרקלערטער,
צייטנווייז שרעקט מיר זיין אומעטבליק;
מיר דוכט, אַז היינט ערשט הער איך די וואָרהאַפטע ווערטער:
נישטאָ קיין בעסערס ביי אַ טאַטן, ווי דעם קינדס גליק.

איז וואָס, אַז זיין גוף איז פון מיין אויג באַהאַלטן?
זיין געשטאַלט האָט דער שטורעם פון יאָרן נישט פאַרמעקט,
און זיין נאָמען מיט ליוב גייט אויף פון קבר דעם קאַלטן,
ווי די מאָרגנזון פון דער נאַכט מיך וועקט.

שטיי איך ביי זיין שטומען צוקאָפּנס געבויגן,
ווי ער אַ מאָל ערנסט איבער אַ ספר.
איך קוק ווי ער טיפט זיינע פרומע אויגן
אין די געלע בלעטער, ווי אויף פרוכט רייפער.

דער עכאָ פון זיין צאַרטן ניגון,
יובלט שטיל אין מיין בלוט,
טוט אין רו מיין האַרץ פאַרוויגן,
אויף מיין געמיט זיין ווייכער שאָטן רוט.

פירקאַנטיק איז געווען זיין גרויע באָרד,
אַרום פּנים לויטער, ווי אַ זון צעהעלט,
די ליפּן גרייט זאָגן אַ זאַפטיק וואָרט,
ווי אַ רייפע פרוכט, וואָס גאָלדיקט אין פעלד.

דער האַרציקער ניגון פון מיין טאַטנס מויל,
האָט נישט איין מאָל פאַרמעקט דעם יאוש פון מיין בליק,
ווען בילדער טראָגן זיך פאַרביי מיט גרויל,
פון שטאָם, וואָס גייט אין געראַנגל נאָך זיין לאַנד צוריק.

דער טאַטע — האַלבער חסיד, האַלבער משכיל —
פאַרהייבט דעם קאָפּ פון ספר מיטן לעדערנעם באַנד,
בליקט דורכן געשליפענעם גלאָז פון דער שמאָלער בריל
און זעט אַ חלוצים-לוסט צום אָבותדיקן לאַנד.

מיט פרייד-אויגן קוקט ער אויף זיינע קינדער,
ווען ער זעט אַז זיי ווילן אַריין אין וואָרן לאַנד,
צו פיטערן אין די גלילער בערג אייגענע רינדער
און צו ווערן שומרים מיט אַ גבורהדיקער האַנט.

ער האָט זיין גלויבן געשעפּט פון ריינע קוואַלן,
ער האָט אים אין שטורעם, אין פּיין געטראָגן,
דאָס פרומע געזאַנג האָט נישט אויפגעהערט שאַלן
אין טעג, וואָס האָבן ווי מיט בייטשן געשלאָגן.

ער האָט צו מיר גערעדט
מיט תפילהדיקע הענט,
מיט רייד לומדישע, און אויגן פול מיט געבעט:
פאַרשעם נישט די פרומע משפחהדיקע פיר ווענט.

אויף זיין שאַרפן וואָרט כ'האָב געשוויגן,
און די טעג לויפן געשווינד,
ווער איך זיך מיט אים נישט קריגן,
כ'גיב זיך אונטער — כ'בין זיין קינד.

קוק איך היינט אויפן ציטער־שקיעה־פּלאַם,
און עפּעס אייגנס ליכטיקט־אויף אין זכרון:
די היים — אַן אינדזל אין אַן אויפגעברויזטן ים,
איז, ווי אַ שטערן אין די וואָלקנס, געגאַנגען פאַרלאָרן.

## נקמה נעמען

צו דער שוועל פון מיין אַמאָליקער היים,
געפירט דער געדאַנק האָט מיך דורך בלוטיקע וועגן,
וואָלקנס אונטער צעריסענע הימלען טראָגן מיין פּיין,
און נעכט טויבע קומען גרויליק אַנטקעגן.

די נאַכט קומט מיט שוואַרצן פליגל־רויש אין געהער,
עס ציטערט דאָס האַרץ, וואָס הערט אויף קאָנען זיך פרייען,
און ווילט זיך וויינען — איז געפרוירן די טרער,
די ווינטן, מיינע געדאַנקען פאַרוויייען.

איך גיי דאָ אַרום איינער אַליין,
קיינער קומט מיר נישט אַנטקעגן,
וואָס זאָל מיר אָנווייזן וווּהין צו גיין,
וואָס קאָן מיך באַפרייען פון שווערע שרעקן.

כ׳לאָז זיך גיין אין וועלדער, ווילד פאַרוואַקסן —
נישט צו טרעפן מער די בלוטיקע האַנט;
ס׳קומען־אויף מיינע ברידער, אין טויטנטאָל פאַרזונקען
נקמה נעמען, בעטן זיי נאָך אַנאַנד.

# דער זכרון פון בוים

דער זכרון פון בוים,
אָפּגעפרישט פון מאָרגן־טוי,
דערמאָנט צוריק דעם טרוים,
געשפּונען אויף אייגן ערד, נאָך רוי.

מיט בלעטער צענומען אין הייכן,
ווי אויגן פריידיק, צעפלאַמט,
קוקט ער ווייט און פריי אַריבער טייכן,
זעט די מרחקים נישט געצאַמט.

פלאַטערט אַ בלאַט אין צעזונגענעם ווינט אויפן בוים,
שעפּטשעט שטיל אוים די חלומות פון בליִונג,
ווי מיין געוועבטער טרוים אויף נייער היים,
וואָס ציט זיך דורך ווייטן נעכטן, פריש און יונג.

דער ווינט האָט בלעטער פון די צווייגן אָפּגעריסן,
אָבער טיפער שטאַם האָט זיך פאַרהיט,
אַ פרילינג־רעגן האָט גענומען ברכהדיק גיסן,
און נייע בלעטער פון די צווייגן האָבן אויפגעבליט.

האַלט זיך דער בוים, לאָזט זיך נישט אומוואַרפן,
שפּאַרט זיך דורך די ווייטן און די הויכן,
קעגן ווינט, דעם בייזן דעם שאַרפן,
וואָס טראָגט סכנות פאַר זיין טיפן תוכן.

# אַ שיינער טרוים

געמיינט, מיין הויז, בלום און בוים,
פֿאַרציען הויך מיט אַ צוים,
צו קאָנען אומגעשטערט אין היים,
שטיל וועבן מיין שיינעם טרוים.

ס'האָט אַ ווינטל ערשט געבלאָזן אַרום,
און געשעפּטשעט מיר אין אויער:
דיין חלום איז ענלעך צו אַ בלום,
פֿאַרקוקט אַקעגן הויכן הימל־בלויער.

זאָל מיין האַרץ זיין דער האַר פֿון טרוימען,
געוועבטע פֿון אַ גאָלדענער צייט;
ווונדערלעך שוועבט נאָך די פֿאַווע איבער צוימען,
אין דעם נאַכט־בלויען רוים ברייט און ווייט.

טראָג מיך, טרוים, פֿון מיין פֿאַרטונקלטן הימל אַרויס,
צו ליכט פֿון אַ דור וואָס איז הייליק פֿאַרגאַנגען,
זאָל זייער שיינקייט, צניעותדיק און גרויס,
באַפֿרייען מיין זעל, פֿון רוטינע געפֿאַנגען.

דוכט זיך, אַ קול פֿון וווייטסטער ווייט,
וואָס איך הער קוים־קוים,
פֿרעגט מיך: וואָס גייסטו אום פֿאַרשטיינערט, שטילערהייט?
— כ'וועל ערגעץ־ווו דערגיין מיט אַ זעונג אַזאַ, אין טרוים.

אַ מאָל, כ'פּיל זיך  פֿאַרלאָזט און דערשיטערט,
אַ ווינט דרייט זיך ווילד אַרום אַ בוים.
אָט רייסט ער זיינע וואָרצלען, ער ציטערט
און שטורעמט שוין  מיין רואָרט פֿאַר טרוים.

דאָס אימה־בילד פֿון חורבן וועט קיין מאָל פֿאַרגעסן נישט ווערן,
דאָס גייט נישט פֿאַרביי, ווי אַ טרוים,
ועסט שטיינבלייבן די וואָרענונג צו הערן:
היט דאָס בלוי פֿון פּרוכת, געבליבן אָן דער גילדענער זוים.

## צושטייער

צו דער פֿאַראייניקונג פֿון אחדות־עבודה מיט פּועלי ציון

איך טראָג איצט מיין לויב צו אַ שבט מענטשן,
אַ בינטל רויזן, געבליבן ליגן אין אַ זייט;
עס שפּירט דאָס האַרץ און ווערט נישט מיד בענטשן,
אַ רעשטל קעמפער צעוואָרפן און צעזייט.

געוועזן אַ טאָג פֿון יוגנט־בלי,
פֿון טרוימען, געבויט אויף פּרעמדע, כישופדיקע בריקן.
פֿון ברודערשאַפֿט, מיט געמיינזאַמער מי,
האָבן מיר, מיט וויזיעס, אַ בונד פֿאַרשניטן.

מיר האָבן געאָטעמט מיט פּראַצע און מאַטער,
פֿון אַ שפּראָץ אויף קאַיאַר ביז מערב־זון פֿאַרגיין
אין רויט, ווי די פֿאָן אין פֿלאַטער —
וועט די פֿאָן ווייטער ליכטיקן מיט שיין?

געזונגען האָבן מיר אין ווייִמוט דאָס ליד:
„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן"
און פֿון הירשקע לעקערט, דער שוסטער־ייד —
איז צעריסן דאָס ליד, מיט בלוט געשריבן?

עס שווינגט נאָך אַ טאָג אין טונקעלן ליכט,
מיר זעען קוים דעם אָפּשיין פֿון ווייטן צוריק;
עס גלאַנצן נאָך געשטאַלטן מיט וואַקלדיקע טריט,
און איך פֿיל נאָך די וואַרעמקייט פֿון זייער בליק.

אין מיין שפּיגל אויפגעלויכטענע, פון פאַבריקן און גאַרבן,
קומען זיי פון טיפעניש פון יאָרן, ווי פון פעלדזן-שפּאַלטן.
— כ'וועל אייך אין בלענדיקע וואָרט-פאַרבן,
אויף דורות פאַרפיקסירן און מיט ליבע געשטאַלטן.

# אויף אַ חברס טויט

יוסף ראָטנבערגן ז״ל

אָוונטיקע טויען באַפייכטן זיין קבר.
צווישן שטילע גראָזן
מורמלט טרויעריק אַ ווינט.

די נאַכט האָט זיין לעצטן שמייכל צוגעדעקט
מיט באַריר־ציטער פון איר שוואַרצער האַנט,
שטילקייט אויף מצבה־שטיין ליגט,
שטילער טרויער פון די ביימער טריפט.

דאָס וואָרט אין האַלדז טוט שטיקן
ס׳קלעפּט די צונג צום גומען,
די ליפּן אין ווייטיק געשלאָסן,
פון זיין טויט דעם פריִען,
פון זיין טויט דעם פריִען.



און נאָר אַזאַ בלענדיקער בטחון,
ווי זיינער, איז שטאַרק ווי אַ געזונטער בוים,
וואָס ווערט פון ווינטן נישט צעבראָכן —
ער וועט דורכגיין פאַרטונקלטע וועגן מיט העלן טרוים.

דער קאָפּ און די פּלייצעס שוין געבויגן —
געבויגענערהייט קאָן מען אויך דערטראָגן
צו יידיש־היימען די קלוגע אויגן,
און צום בוך, צום פרייען וואָרט, אייגנס צוטראָגן.

מיט גרויס פיעטעט געוויגן מיט גינגאָלד
אותיות, ווערטער און לידער,
מיט פּשוטקייט האָט ער געוואָלט
דינען די מענטשן־ברידער.

מיט שווערע, פֿאַרזאָרגטע טריט,
ער ווייסט וויל וווהין ער גייט —
צו טרינקען דורשטיק פון מים חיים — דאָס קוואַליקע ליד,
וואָס שטראָמט און רוישט שטיל, ווי דינער זייד.

שטילע רייד, באַדענקטער טראָט,
ווען שווערע שטיינער האָבן שוין געדראָט,
באַגלייט דער וונדערוועג,
פאַרניכטן דאָס אָנגעזאַמלט גייסטיק פּאַרמעג.

כ׳געדענק — זיין פּנים האָט זיך געטאָן אַ צעהעל,
געשלאָגן מיט אַזוי פיל פרייד־געמיט,
ווען ער האָט אַריבערגעשפרייזט אונדזער שוועל,
צו בלייבן אין אונדזער מיט.

מיר זיצן געמיטלעך אויף אַ חברישער מסיבה און רעדן,
עס איז צום האַרצן זיין לשון יידיש
און ס׳ווילט זיך קיין מאָל מיט אים נישט שיידן.
ער מורמלט אַ ניגון אויפגעכאַפּט אַזוי היימיש.

כ׳דערמאָן אים מיט יראת-הכבוד,
דעם ליבן חבר און טייערן מענטש.
ער האָט אונדזער שיינעם חלום געכאָוועט
זיין נאָמען זאָל ווערן געבענטשט!

# דעם אָנדענק פון חבר זרובבל

מיט אַ האַרץ, ווי אַ הייליקער פלאַם,
גייט ער אויף אויף אַ זינגענדיקער צייט,
וואָס טראָגט טרייהייט צום אייגענעם שטאַם,
פון אַ גרויסן טרוים באַגלייט.

איך האָב דיך אָפט רעדן געהערט,
כ'האָב אויג־אויף־אויג דיך שטענדיק געטראָפן;
ביז דיין לעצטן אָטעם אויף דער ערד
האָט דיין וואָרט, ווי דער קוואַל, געפליסט אָפן.

מיין האַרץ האָט פאַרנומען דיינע רייד,
ווי דאָס פעלד פאַרנעמט ערשטן רעגן,
וואָס פאַלט אין דער ריכטיקער צייט
און פילט אָן דעם טייך ביז די ברעגן.

בטחונדיק, פון אידעע־ליכט באַהעלט,
זע איך דיך זיך הייבן אויף טרעפּ,
צו שטיבעלעך, מיט דיין גייסט באַזעלט,
און דיינע אויגן פינקלען, ווען דו האָסט גערעדט.

ווי זאַנגען פולע, אויפגעגאַנגען
זענען הערצער מיט גוטסקייט געבענטשט,
און ווי דאָס פעלד זינגט אין זומער געזאַנגען,
איז דיין וואָרט אַ שליחות געווען.

# עלטער

איך ווער עלטער,
נאָר ווי יוגנט מיט לייכטן שווונג,
כ׳וועל דורכטראָגן זיך מיט טרוימען, אַ צעהעלטער,
ווי כ׳האָב געטראָגן דורך אַלע צייטן אָן אידעע יונג.

מיין לעבן האָט דורכגעטראָגן זיך ווי אַ בליץ,
ווי דער ווינט, וואָס ווייעט אַלץ קעלטער,
בייסט פון שטאָם די וואָרצלען, רייסט פון בוים דעם שפּיץ,
און ס׳פאַלט פון נאַקעטן, הוילן בוים אַ לעצטער בלאַט פאַרגעלטער.

צו אַלט מיט ווינטמילן זיך שלאָגן,
נישט לייכט אויך ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין,
מיט שוואַכע הענט אַ ריינעם געוויסן טראָגן,
— מיין וועגליכט זיי ביז כ׳וועל פאַרגיין!

אָט פאַרגייט די זון אין פינצטערן טאָל,
דער וואַלד שטייענדיק שלאָפט מיד איין
און דער שאָטן, ווי אַ שוואַרצער טויטנטוך,
דעקט פון שפּעטן האַרבסט אַ לעצט בלעטל איין.

פון קעלט ציטערן די פייגל אין נעסטן,
טוליען זיך אין שרעק פאַרן ווירבלווינט,
— ווי וואָלט איך איצט זיך ווינטשן צום בעסטן:
ווי אין דער יוגנט, זיין קרעפטיק און פריש אַצינד.

אַן אימאַזש געוועזן איז דער אויסגעדאַכטער ברעג,
און דערגיין צו אים איז מיר נישט געראָטן;
געבליבן מיר פאַרענדיקן דעם שיינעם אָנהייבוועג,
מיט שפּרייטן אויף אים מיין קענטלעכן שאָטן.

# זאָל כאָטש אַ פלעמל בלייבן

מיט אַ האַרץ, דורכגעפלאַמט און דורכגעצאָרנט,
גיי איך צו דעם אויפבוי פון דער וועלט;
הינטער מיר גייט נאָך מיין גלויבן באַוואָרנט,
ווי דער וואָרצל פון אַ בוים, וואָס קרעפטיקט אים אויך אין קעלט.

דער בוים, ער שפּילט זיך מיט די צווייגן־בלעטער,
און איך, מיט פינגער פלינקע, פאַרשפּיל זיך מיט אַ ליד;
ווער עס זוכט די פרייד אין שוים פון בעכער —
איך טרינק טראָפּנס ליכט, וואָס פאַלן אויף מיין פּנים צעגליט.

צי וועט ווען די רו באַגלייטן מיך אין וועג,
מיין בליק זאָל זיך אָפּשטעלן אויף דער מי אין פעלד,
און פילן אַז כ'גיי נישט פאַרשעמט ווי די זון פון טאָג אַוועק,
נאָר ס'טראָגט אין דמיון מיך אַ חלום פון אַ שענערער וועלט.

דער טאָג איז פאַר מיר, ווי אַן אָנהויב פון אַ ליד,
וואָס טראָגט דעם קלאַנג פון מיין באַשאַף אין ווייט;
און דער מאָרגנשיין דערפרייט מיין געמיט,
איך זאָל צום טאָג מיינעם נישט ווערן פון יאוש באַגלייט.

די וועלט אין פרימאָרגן איז פריש און יונג,
דערפאַר מיין אויפשטיין מיטן ערשטן האָנען־קריי באַגין,
אין פאַרלאַנג צו פילן דעם פרישן טעם פון טוי אויף דער צונג,
ווי דעם האָניק דעם זיסן ס'פילט און לעקט די בין.

דער גרינער כאָר-געזאַנג פון ווינט צווישן בלעטער,
דערגרייכט פון אומעטום צו מיין אומרויִק געהער;
וועל איך היינט באַהאַלטן די זאָרג שוין אויף שפּעטער,
אַז די אויערן זאָלן זייגן יעדן פרישן קלאַנג אַלץ מער.

פירט מיך דאָס האַרץ דערוואַכט אין טאָג אַריין,
מיט לויטער געזאַנג אין די טריט,
אין אַ וועלט קלאָר און ריין,
ווי ס'איז היינט מיין פרילינג-ליד.

מיט דאָרשטיקע אויגן געקוקט כ'האָב דורך דער שויב,
און אין מיין האַרצן אַ שטילער פאַרלאַנג:
כ'זאָל די זויבערקייט פאַרהיטן פון טונקל-גרויען שטויב,
און זען די וועלט זאָגן שירה ביים זונאויפגאַנג.

כ'וויל, אַז דער נעכטיקער געראַנגל פאַר מיין ציל
זאָל נישט פאַרגיין פון מיין זכרון;
ווען פלעקן אין דער זון זענען פיל,
זאָל כאָטש אַ פלעמל בלייבן פאַר מיר פון מיינע יאָרן.

# פונעם אַמאָל און היינט

פון יענער צייט איז אַוועק אַ שלל מיט יאָרן,
מיין האַרץ ביז איצט אָט יענע טעג פילט,
איך שטיי און קוק און בלייב אַ ווייל פאַרלאָרן,
אַנטקעגן אונדזער פאַרזיי, וואָס ליגט צעטראָטן ווילד.

די טעג, די איצטיקע, זענען נישט ווי פאַר יאָרן,
דאָס וואָרט, דאָס היינטיקע, איז נישט ווי אַ מאָל,
וואָס איז אין ליכט פון בטחון אויסגעשמידט געוואָרן,
ווען מיין דור האָט אויסגעטראָגן דעם שווערן גלות־עול.

יוגנטברויז, ווי שטראָמיקער טייך, האָט מיר גליק פאַרשפּראָכן,
געמיינט, כ׳וועל מיט שיינעם חלום דערשווימען צו אַ ברעג,
נאָר, ווי כוואַליעס גייך, זענען טעג אַ סך דורכגעלאָפן,
און מיין האָפענונג איז, ווי דער שוים, צערונען אין מיין וועג.

ווי ברויזיק אָרום אונדז עס ווערט,
ווער ווייס ווי לאַנג דער שטורעם וועט דויערן,
און וואָס ס׳איז אונדז אויסשטיין נאָך באַשערט,
ווען דער קלאַנג פון יוגנטליד פאַלט אויף טויבע אויערן.

דער גלויבן פאַרבאָרגן איז אין האַרטע פעלדזן־קאַרבן,
איידער איך האָב באַנומען, אַז דער שיינער חלום,
וואָס האָט זיך אין מיר צעשפּילט מיט וווּנדערלעכע פאַרבן
לעבט נישט מער מיט מיין פרילינגליד בשלום.

וויפל האָב איך נאָך זומערס מיט שיינעם רעגנבויגן?
דערפאַר איך באַגעגן אַ יעדן פּאַרפּרי מיט דאַנק:
ביסט מיין וועלט, ווי אַ פויגל, שוין אַוועקגעפלויגן,
דערפאַר מיין געמיט איז נידריק, און פון אומעט מיין געזאַנג.

## די יאָרן פֿאַרגייען

אויף די שויבן טאַנצט דער גראָער רעגן,
מײַנע פֿענצטער — אַ שוואַרצער ראַם פֿון נאַכט —
זיי שרעקן מיך ווידער, זיי קומען מיר אַנטקעגן
פֿון שאָטנדיקע וועגן, מיר דאַכט.

שאַרפֿער ווינט בײַסט די צווײַגן פֿון שטאַם,
צעשיט אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט איבער פֿעלדישן זוים,
ברעכט די זאַנגען און ווי אַ צעברויזטער ים,
ברומט אומהיימלעך איבער צוקאָפּנס פֿון מײַן נאַכטטרוים.

אַצינדערט איך קאָן נישט שלאָפֿן;
די נאַכט — אַ שוואַרצע האַנט, וועקט מיך אויף:
זע, אַ בלוטרויטער שטערן אויפֿן צפֿון,
ציטערט, פֿינטלט מיט אָנווונק אויפֿן סוף.

פֿון הימלען וועט נישט פֿאַלן קיין גענאָדבליק
אויף מענטש, וואָס איז אַ טייל פֿון איובס לײַדן געוואָרן —
אַנשטאָט אַ האַרץ, וואָס שרײַט נאָך גליק,
טראָגט ער געהאָרכזאַם די לאַנגע פּײַן־יאָרן.

איך באַהאַלט די אייגענע ווונדן,
דעם אומרו אין זיך נעם איך אײַן;
מײַנע חושים זענען נישט פֿרײַ — ווי געבונדן
צו דער ערד איז דער שטיין.

# דער טאָג איז באַלד שוין אַוועק

מיין נאַקן בייגט זיך אַראָפּ פאַרן פויגל,
וואָס פעדערט זיך מיט געזאַנג איבער מיין שטוב,
ער קוקט דורך גראָע באַגין־שויבן מיט זיין אויגל,
ווען מיר דריקט אַן אומעט, ווי אַ שטיין אויף אַ גרוב.

איך הער אויפן פרי־טראַקט באַזאָרגטע טריט,
זע פאַר זיך שפּרייטן אַ גרויען וואָלקנשטויב ;
ווי אַ וואַנדער־פויגל בין איך מיד,
און מיין שרעק — פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער טויב.

כ'שטרעב נאָר נאָך אַ טראָפּן רו,
אַן אויגנבליק פון פרידן —
וואָס האָט אַ ווערט די רויִקייט אין שפּעטער נאַכט־שעה,
ווען אָפּגעבליטע, פאַלנדע שטערן לאָזן מיך קאַלט, אומצופרידן.

דערשפּירן זאָל נאָר ווער דעם ציטער פון האַרץ,
ווען מיין שאָטן באַגלייט מיך באַרג־אַראָפּ,
מיט אַלע טונקעלע פאַרבן פון האַרבסט,
טראָג איך אַוועק אַ טרויער אין מיין קאָפּ.

פאַר מיין צייט, וואָס מיר איז נאָך געבליבן,
זאָלן גענוג זיין די געבענטשטע שעהען,
ווען כ'האָב די קליינע לידער געשריבן,
מיט דער זאָרג, אַז מיין שטוב זאָל אין פרידן רוען.

די יאָרן פֿאַרגייען, כ׳בין עלטער געוואָרן,
די ווענט פֿאַרשאָטן מיט שטויבן פֿון וואָכן אַ סך ;
און מיין ליד איז נאָך אַלץ נישט געבאָרן,
און איך שטיי נאָך אַליין אויף אַ שליאַך...

# איך ווין מיט דיר

אומהיימלעך ברומט אונטערן פענצטער דער ווינט,
רייסט די בלעטער פון ווונדיקן בוים,
און וואַרפט ווי מיסט זיי געשווינד
אַרום דעם פאַרלאָזענעם גאָרטן־צוים.

הענט אַראָפּגעלאָזטע צום דיל,
פאַרזאָרגט געבויגן דער קאָפּ,
אין צימער וויינט עמעץ שטיל,
די אויגן טרויערן אַראָפּ.

דו שטייסט אויפן טרעפּל פאַרשטילט,
די טיר הינטער זיך פאַרמאַכט,
די ביימלעך פאַר דער שוועל — אין טרויער געהילט,
איבער זייערע שפּיצן לאָזט אַראָפּ זיך די נאַכט.

ווי אַ ווינט יאָגט מיך אָן דער אומרו,
וואָס דערגרייכט צו מיר פון דיינע חרובע שוועלן,
כ׳וואָלט שיקן געוואָלט דיר אַ וואָרנונג־רוף — ווו?
דער חושך וועט פאַרשלינגען מיינע באַפעלן.

עס איז נאָר אַ צופאַל — איך מיין,
וואָס דו ביסט אין חושך אַריין;
איין שפּאַן נאָך צו מזרח־שיין,
און וועסט צו אַ לויטערן טאָג דערגיין.

די פינצטערניש האַלט אין איין שטייגן,
גרייכט צו דיינע בראָכיקע קני
און שפּאַרט אַלץ ווייטער אויף צעהוידעטע צווייגן —
ביז אַרום דיר וועט וועקן זיך דער שטילער מאָרגנפרי.

אויף יענער זייט טיר
שפּרייטסטו אויס דיינע פליגל,
און טראָגסט זיך אַוועק פון מיר
איבער צעבראָכענע שוועלן און צעפאַלענע ציגל.

טוסט דיין ליכטיקע היים פאַרלאָזן,
און גייסט אַריין אינעם וואַלד אומליכט,
ווי אַ פויגל אַ לעצטער האָט זיין שטאַם-נעסט פאַרלאָזן,
ביז צום ווידערשיין פון מאָרגנליכט.

דיין שטרויכלטראָט אין נאַכט-שעה אַליין,
איז דער שליאַך, וואָס איך האָב ווען באַטראָטן
און געפירט מיך דורך האַרטן שטיין,
צו וועלן אַ שפּרינג טאָן איבער מיין אייגענעם שאָטן.

איך גיי דיר, אין געדאַנק, אַנטקעגן,
אָט שטיי איך שוין ביי דיין שוועל ;
אַ געשטאַלט דרייט זיך פאַר מיינע אויגן,
ווי ס'וואַנדערט איינע אַליין מיין זעל.

איך זע דיך קלאָר,
מיט אַ ווונק פון אַ ברעם,
פון צער איבער דיין גרויליקן קלעם,
און דורך ווייסן בלענד אויף מיינע האָר.

פון שטוב און גאַס דערהער מיין רוף:
ס'איז סוף טאָג, מיין זון;
דיין ווײ פון אַ בלאָנדזשעדיקער שאָף
שטיל איין — דער אָוונט צעגייט אויף דער מאָרגנזון.

האָרך, מיין גרוים קינד:
קאָן זיין אַזאַ האַרץ, וואָס נישט פילט דיין ווײ?
אויערן, וואָס הערן נישט דיין געשריי אַצינד?
אויגן, וואָס זעען נישט אַ פרוי מיט הענט אויסגעשטרעקטע צוויי?

כ'האָב אַ דוכטונג געדאַכט:
פון נעפל אויפגעשווומען,
ביסטו פון אַ פינצטערער נאַכט
צו דיין הויזגעזינד צוריקגעקומען.

מיר דוכט: איך הער, ווי דו עפנסט ברייט דיין היימטיר,
אין מיין חלום זע איך דיין פנים ווי אויפן וואָר,
דיין ברעמען-צוק, ווי אַ סטרונע-וויבריר,
וואָס וואַרעמט מיט פרישקייט אויף דיר — מיין בכור.

די נאַכט לאָזט אַראָפּ אַ שוואַרצן טויער,
און פֿאַרלעשט די אויגן היגטער זיבן שלעסער,
נאָר דעם, וואָס הערט אַ קינדס געוויין מיט באַדויער,
שלייפֿט דאָס מאָרגנליכט שענער, און בעסער.

אין יענער נאַכט האָט דיין קינד אין בעטעלע געוויינט,
און מאַכטלאָז איז געווען דער פּרוּוו עס איינצושטילן,
די קרוינען פֿון שטערן איבערן פענצטער האָבן געחנט,
און אַרונטערגעזונגען — דעם קינדס צער־אויגן צו פֿאַרשפּילן.

דאָס קליינע גופל בלייבט וואַך
אונטער צודעק פֿון ווייסן געוואַנט,
זוכט דעם טאַטנס גלעט פֿון האַנטפלאַך,
וואָס איז אויסגעשפּרייט צוקאָפּנס, ביי אַ פרעמדער האַנט.

און די מאַמע, די טרייע באַשיצערין, וואָס וואַכט אַליין,
אונטער טירן פֿאַרשלאָסן און פענצטער פֿאַרהאָנגען,
נאָר אויערן פֿאַרשפּיצט און אויגן וואַרטן אויף מאָרגנשיין,
ערשטע שטראַלן אויף ביימער־שפּיצן צעהאָנגען.

אַז דיין טאַטע וועט קומען צוריק,
שטייגן אויף אַ טרעפּעלע העכער,
וועסטו זונעלע־אייניקל לאַכן אין בליק,
ווי דאָס פֿייגעלע זיך פרייט אויף באַזונטע דעכער.

דו, מיין זון, ביסט אין געוויין אַרוים אַליין,
איך וויין מיט דיר, פאַרגיי אין געוויין ;
איך הער אויך דער מאַמעס קלאָגן אין דיין קינדס געוויין —
אומרו מיינער, אין טויבער שטוב אַליין, וואָס וועט איצטער זיין ?

## ווי אויף פויגל־פליגל

ווי אויף פויגל־פליגל אויבן,
טראָג איך געהויבן די מחשבות ווייט;
מיט אַ זעונג פון אַ גלויבן,
בינד איך איבער קנופּן פון פאַרפּלאָנטערטער צייט.

די ברכה פון ווייטע מי־יאָרן נישט צעטרענצלט, נישט פאַרלאָרן,
דער באָדן טיף צעאַקערט, גרינט און בליט,
עס וויגט זיך אין פרייד אין פעלד דאָס קאָרן,
און איז גרייט צום רייפן שניט.

מיט געבענטשטן נייגער קוק איך אויף מיין מי,
וואָס כ׳טראָג מיט כוונה פון מיין שטוב אַרויס
פאַרן ליכטיקן מענטש יעדן אינדערפרי,
ווי די גרויסע זון קוקט שטיל צו דער וועלט אַרויס.

כ׳שטיי היינט אויף מיט נייעם מאָרגנליד,
ווי דער פויגל פרי צום געזאַנג;
איך טראָג אויף די פינגער רייד צעבליט
איבער גאַסן מיט מיין נאָך יונגן גאַנג.

כ׳גיי אַדורך מיין וועלט באַשיידן,
מיט אַ געצוימטן שמייכל,
ווי אַ ריגל אויף מיין ריידן,
כאָטש דאָס בלוט שלאָגט אין מיין האַרץ ווי אַ טייכל.

מיר דוכט, אינעם שווינג,
אַז כ׳בין נאָך יונג,
און כ׳טראָג די טרוימען ווי אַ מאָל,
איבער באַרג, איבער טאָל.

געהאַט שטערונגען האַרטע,
דערנאָך — די טרוימען, באַגערן
נאָך פריינטשאַפט־האַנט געגאַרטע,
און דאָס שטרעבן אַנטדעקט צו ווערן ווי אַ שטערן.

און איצט קומסטו צום וווּנדערלעכן אָרט,
צו יענעם פּאַלאַץ וואָס איז פּרעכטיק און בלענדיק.
דאָרט וועט רעדן דאָס פלאַמיקע וואָרט,
פון אַ האַרץ, וואָס מוז ליב האָבן שטענדיק.

# אַפּקלאַנגען

ליגט דער טוי אויף קילע טרויבן,
גראָזן, פון פייכטקייט געבויגן,
אַ פֿאַרטייעטער דרעמל אָטעמט אויף די שויבן,
זים איז דער שלאָף פון די מידע אויגן.

איך גיב מיין טייל צו שטייער, ווער אין מי פאַרשלונגען,
און איך שלעפ, און איך צי, און הויב,
און ס׳אָטעמען איין און אוים מיינע לונגען,
גלייך מיט אַלעמען סמאָלערויך און זאַמדשטויב.

איך האָב צוויי גוטע, פעיִקע הענט,
זיי שאַפן, זיי פאַרהיטן מיך פון נויט,
זיי ציִען זיך, ווי אַ שטריק אויף הויכע ווענט,
זענען גרייט טוען אַלץ — פאַרן זאַטן ברויט.

פון די שטיינערנע מויערן האָבן קלאַנגען
זיך צעשאָטן הויך און ווייט,
ווו ס׳איז מיין באַשאַף מיט בוי אויפגעגאַנגען,
אַז כ׳ווער איצט מיט קאָלירטע ליכט אין גאַס באַגלייט.

און איצט, ווען כ׳וועה פון עפּעס נישט צופרידן,
זוך איך איבער גאַסן אַ צופרידענעם בליק
ביי די בויער, מויערער און שמידן,
און אַרום נייעם פאַרבוי געפין איך מיין גליק.

# פ ר י ־ ב אַ ג י ן

די נאַכט האָט געערן די לבנה געבוירן,
זאָלסט נישט בלאָנדזשען איבער די גאַסן און אויף אומבאַקאַנטן וועג;
דאָס ליכט דעם טאָג געגעבן, ס'זאָל נישט גיין פאַרלוירן
פאַר דעם פורעמער פון וואָרט, די קרוין פון מענטשישן פאַרמעג.

ס'איז פרי־באַגין. דער וואַלד, דאָס פעלד אין שלאָף,
אירע ערשטע שטראַלן די זון טראָגט אין טאָג אַריין,
ווי איך טראָג מיין אויפגעוואַכטן גוף
אין געאייל אין פאַבריק, מיט יעדן מאָרגן־אויפשיין.

אַ ווינטל לייכט לויפט אום באָרוועס,
ווי מיין טראָט פריידיק־גרינג.
מיר דוכט זיך אויס, אַז דעם דופט פון בעז
פיל איך ווי אַ פרישן געטראַנק אויף דער צונג.

# דער טרויער פון שטאַמען

איך האָב אין הויז אַן טרויער נישט געוווינט —
געטראָגן אויף אַקסלען געהאָרבעטע טעג;
דער הימל האָט מיין וואָרט נישט געשווינט
האָב איך דעם טרוים אויסגעוואָגלט אין וועג.

כ׳באַנעם פון שטוב דעם שטאַמיקן טרויער
און דעם געוויין פון צעריסענע שיך,
וואָס קוקן מיט אימה פון הינטערן בעט אַפער —
ביידע דאַרף איך טראָגן אויף זיך.

אַ פאַרגליווערטער שמייכל איבער ווענט
פאַרוויגט מיין אומעט אין פרומען צימער,
ווו פערזן ערשטע, פון קיינעם נישט געלייענט,
ווערן פאַרלוירן אין שטומען דעמער.

פון סטעליע טונקלט אַראָפּ דער שאָטן,
די טריט מיינע האָבן דיל לייכט באַרירט;
קיינער אַרום הערט נישט דעם אומרו אין מיינע בלוטן,
וואָס האָבן דעם טרוימער פון שטאַם טיף דערשפּירט.

אויך מיין מאַמעס ווייכע רייד,
דעם טאַטנס צוויי תפילהדיקע אויגן,
זענען פאַר מיר נישט קיין פרייד,
ווען איך ווער, ווי דער פלויט פרי איינגעבויגן.

מיין לעבן האָט מיט אומרו זיך געוועבט,
ווי די זון באַגלייט אַ האַרבסטיקן טאָג;
אָן פרייד האָט מיין יוגנט פאַרשוועבט,
ווי אַ בלאַט אינעם ווינטיקן יאָג.

# ס׳טוט באַנג אַ מאָל אויף מיינע הענט

צו גלייך מיט מאָרגנרויט,
דורך ווילדערניש — אָן וועג,
מיט אָרעמען ברויט
לאָז איך זיך אַרבעט זוכן אַוועק.

כ׳בלייב מיט אַ פאַרשעמטן טראָט
ביי אַ פאַרמאַכטן טויער;
גיי איך צוריק פון שטאָט
מיט אַ געמיט אין טרויער.

ווייעט דער מדבר־ווינט און ס׳רוישט דער ים,
די נעפּלען לאָזן זיך אַראָפּ, די הימלען ווערן נידער, נידער,
די הייזער אין גראָען אַרומגענומען, ווי אַ צאַם
איך פיל, עס רייסן מיר די גלידער.

כ׳הער אַ קרעכץ פון איינזאַמען בוים,
כ׳זע אַ ווינקלווינט בלאָזט אויף אַ צעקנייטשט פּאַפּיר,
פליט איבער נידעריקע דעכער צום פּוסטן רוים,
און פאַלט צוריק אַראָפּ, ווי מיין יאוש־בליק אויף פאַרהאַקטער טיר.

כ׳האָב מיט שטאַרקן ווילן צו אַרבעט געשפּאַנט,
אי מיט פרייד, אי מיט קרעכץ, געגראָבן לינקס און רעכטס,
און דורך מיין געשטרעקטער, טרייער האַנט,
דערפילט דעם טעם פון זיסע פרוכט, דעם סם פון שלעכטס.

איך שטייג אויף גלייכע און אויף קרומע טרעפּ,
טרעט פעסט איבער ניי־געבויטע אַלעמענס שטיבער,
און ס'הערט זיך פון מיינע טריט די קלעפּ,
ווי זיי וואָלטן רופן: שפּאַן די מידקייט אַריבער.

נאָר ס'טוט באַנג אַ מאָל אויף מיינע הענט,
צו וועלכע כ'האָב זיך נישט ווייניק אָנפּאַרטרויט —
זיי האָבן מיין געמיט איינוויגן נישט געקענט
און קיין אייגענע שוועל און טיר מיר נישט געבויט.

## עס זינגט אין מיר

פוילן איז געווען מיין וויגלאַנד־היים,
אַ געצעלט פאַר זיך צו אויסבויען איך האָב געזוכט,
זען איבער זיך, איבער ייד און מענטש אַ הימל ריין;
נאָר מער נאָך באַגערט: פון ערד אייגענער די פרוכט.

כ׳זע פאַר זיך מיין הויזגעזינד אין פיין פאַרגאַנגען.
און מיין יונגשאַפט, באַרוישט, קומט פון טיפענישן אַנטקעגן.
מיט דערוועגעניש זינג איך די געזאַנגען
אַ הילכעדיקן הימען צו ישראלס ברעגן.

ס׳דערמאָנט זיך אַ הילצערן שטיבל מיט אַ קוימען
אַ גלויבן דאָרט הייבט זיך פריידיק הויך,
אַריבער צעבראָכענעם פלויט, איבער צוימען,
און טראָגט דיך דורך דעם גרויען רויך.

כ׳האָב מיין קאָפּ נישט געוואָלט בייגן,
ווי ס׳בייגט אַ זאַנג זיך לייכט אַראָפּ;
כ׳האָב צו הויכן געהויבן מיינע אויגן,
צו זען אויף בלעטער הענגען אַ לויטערן טוי־טראָפּ.

ווי אָנגענעם צו וויסן איז, אַז דאָס איז געשען מיט מיר —
מיט יום־טובדיקן האַרץ, מיט געזאַנג אין די טריט,
געגאַנגען אויף וועגן, סכנהדיקע אָן אַ שיעור,
פאַר דער פרייד, פאַרן גליק פונעם ייד.

זינגט אין מיר אַזאַ צעלויכטענע, די זכיה,
וואָס דער יוגנט־דראַנג געווען איז מיר ליבער
און אין אויפבלי פון לאַנד איז פאַראַן אויך מיין זריעה —
דאָס לויטערסטע און ריינסטע פאַרמעג, וואָס כ'לאָז איבער.

## ליב און זיס איז דער טרוים

אַלץ אַרום אָטעמט, לעבט,
ס'לעבט דער באַרג, דער שטיין, דער בוים;
ווי אַ פויגל פריי, דיין געדאַנק שוועבט —
ליב און זיס איז דער טרוים.

כ'האָב ליב שפּאַצירן אין טונקעלן שימער פון פאַרנאַכט,
ביים לעצטן אָפּשיין פון פאַרגייענדיקער זון,
אַ פאַרבענקטער, א פאַרטרוימטער, אין זיך פאַרטראַכט
און פון האַרץ גייט אויף שטיל אַ ניגון.

אָט פינקלען גינגאָלדענע שטערן פון טיפער ווייט,
באַגלייטן, ווי מיט שטילן געזאַנג, מיין נאַכטיקן שפּאַציר
און וועקן דערינערונגען פון אַ לעבן, פאַרגאַנגען שוין ווייט,
מיט יונגע יאָרן צעבליטע, נאָר אייביקע פאַר מיר.

און, ווי זיי, די שטערן, הייב איך זיך הויך,
פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ העלע שיין,
און צוזאַמען מיט זיי נעמט דער הימל מיך אויף,
אין זיין אומענדלעכקייט אַריין...

# מיין היימיש ווינקעלע

אָט איז די שטוב, ווו איך פורעם מיין ליד,
פאַרהאָרעוועט אין קליינע אותיות, אָן באַלוינונג, אָן שכר,
איך אָטעם אין זיי אַריין אַ וואַרעם געמיט,
פון אייביקן שטרייט, אייביקן צער.

כ׳האָב גערן מיין היימיש ווינקעלע,
מיין שרייבטיש מיט אלפן, ביתן, גימלען,
געקליבן, געשריבן מיט חשיבות אויפן פינטעלע,
וואָס זוכט און געפינט אַן אָרט, ווי שטערן אין הימלען.

דער טאָג איז אַ הייסער און אָטעמען איז שווער,
איך שרייב די פערזן פאַרמאַטערט,
צו מאָל נעם איך כליפּען מיט אַ בלוטיקער טרער —
דערנאָך שיינט־אויף די זון — אַ ליד צעפלאַטערט.

פאַר מיין פענצטער שטייען צעבלעטערטע ביימער,
שאָטענען קיל מיין שטוב, די באַשיידענע פיר ווענט,
און ווייל איך פיל דאָס גוט, דעריבער,
איז דער אָטעם פון ליד נאָך פריש אויף מיינע הענט.

איך זע דורכן פענצטער די וועגן פאַרלירן זיך,
שקיעה־שאָטנס ציִען זיך פאַר די אויגן,
און ווייטע געשטאַלטן, דוכט זיך,
קוקן דורכן פאָרהאַנג, פאַלד אין פאַלד פאַרצויגן.

# אַ געליבטע

איך שפּיגל זיך אין דיינע טיפע אויגן,
זייער בליק, שאַרף ווי ווײַן, שיכורט מיין זעל;
דיין געשטאַלט שיינט מיט פאַרבן פון רעגנבויגן
— דער הימל־טיף איז ריין און לויטער העל.

אַ פויגל־געזאַנג אין מאָרגנפרי
זינגט אויס די פרייד פון נייעם טאָג,
די בלום מיט נאַכטטוי באַזאַפט איז ווידער פריש פאַר בלי
— פרילינג, צווייט און בלומען דיר אַנטקעגן איך טראָג.

נישט אין חלום, נאָר אויף דער פריילעכער וואָר
פיל איך דיין קאָפּ אויף מיין שוים רוט;
אַז מיר האָבןביידע גליקלעכע יאָר,
און פיבערן צוזאַמען מיטן יונגן בלוט.

איך טראַכט פון דיר ביי נאַכט,
איך זע דיך אין שיין פון באַגינען.
דו שטייסט פאַר מיינע אויגן אין פרילינג־פּראַכט,
— אַזאַ רייפקייט, ווי אין דיר, וועל איך נישט געפינען.

קומסט אַריין צו מיר, צינדטו זיך אָן אַ פלאַם,
גייסטו אַוועק פון מיר, לעשט זיך אויס דאָס ליכט;
עס שימערט אַ שיין אויף די כוואַליעס פון ים,
זיי שפּרייטן זיך אין ווייט און קומען צום ברעג געדיכט.

אַט זע איך דיך ווידער, איך גיי דיר אַנטקעגן,
אויף דיר פּאַלט מיין גליקלעכער בליק;
כ׳בין אַנטלאָפן פון מיין צימער, מיט פייגל-פליגל איבער וועגן,
ווייל אונטער דיינע וויִעם-דעכלעך ווינט אַ וועלט פון גליק.

## איך וואַרט אויף דיר

שוין לאַנג וואַרט איך אויף דיר,
מיט אומרו אין די אויגן.
ווען דו וואָלסט אויך געוואַרט אויף מיר —
באַצירט וואָלט אונדז אַ רעגנבויגן.

כ׳בין אין גראָען דעמער געבליבן אַליין
און געעפנט די אָוונטטיר,
צויבערדיק, ווי לבנה-שיין,
אויפגעלויכטן האָט דיין פּנים מיר.

מיר האָבן פאַרפלאָכטן אונדזערע הענט,
ליפּן האָבן זיך אין ציטער אַ שטרעק געגעבן,
ווי אַ פלאַנץ ציט זיך אַרויף אויף צעזונטע ווענט —
אַלץ ווערט אין דער וועלט איצט אונדז וויליק געגעבן.

קאָראַלן בלענדיקע האָב איך דיר געבראַכט
פאַר דיין גלאַטן האַלדז-אַלבאַסטער,
און אַ טיכל פון פיינסטן זייד-געוועב, אַ פּראַכט,
פאַר דיין שטאָלץ-געהויבענעם קאָפּ, שיין געקרויזטער.

מיט שטילע און פאַרשעמטע רייד מיר האָבן גערעדט
פון פרי ביז נאַכטשפּעט —
אַז אויף ליבע דאַרף מען בטחונדיק האָפן,
און אַז חן זאָל געפינען דאָס ליד, ערלעך און אָפן.

# יענע ליכטיקייט שעץ און לויב

כ׳האָב ליב זען ווען ס׳צינדן זיך אין הימל שטערן,
אַז מיין אויג, צוגעשמידט, מיט נייגער וואַכט;
כ׳פּרוביר אין זיך דעם נייגער דערקלערן,
נאָר אַלץ אַרום מיר, אויסער איך אַליין, לאַכט.

כ׳פיר דורך מיין לעבן אויף דער ערד,
ווי אַ שטילע שאָף אין פעלד,
וואָס קוים איר קולכל מ׳הערט,
און האָט קיין אָנזען נישט אויף וועלט.

נאָר איך וועל אויסטראָגן,
וואָס טראָגן איז מיר באַשערט;
פאַרבאָרגן וועל איך ווידער טראָגן,
די שטילע בענקשאַפט, וואָס האָט אַ ווערט.

לאָמיר נעמען פון לעבן גליק און פרייד,
פריילעך זיין, ווי פייגל זאָרגלאָז אין הייכן.
דאָס לעבן איז ווי אַ חלום, וואָס גיך פאַרגייט,
און דעם שפּיץ פון באַרג קאָנסטו נאָר מיט יונגע טריט דערגרייכן.

שווייג, מיין האַרץ, שווייג,
ביסט מיטן אומרו נישט איין־אַליין.
אויך דער פויגל אין פאַנג, אין שטייג,
טראָגט פאַרשטומט געזאַנג צום מאָרגנשיין.

איך רעד אַזעלכע לויטערע ווערטער,
דערהערן איך זאָל די שטילקייט,
ווען ס׳פאַלן פוןביימער די בלעטער
אַלטערהייט.

דער האַרטער לעבנס־וואָר איז ווי פון צוואַנג אַ קלעם,
פּרעסט דיך אין דיין אויפגעצוווּנגענעם וויי;
וואָלסט וועלן דיינע הענט טוען אַ צענעם
און אויספּעכטן דיין גורל אונטער כמאַרעס פון בליי.

און די יאָרן קייקלען זיך,
באַלד פאַרגעסן דעם אייגענעם גאַנג,
און די קינדער פון מיין שוועל דערווייטערן זיך,
ס׳בלייבט נאָך פון אַלטן ליד דער קלאַנג.

נאָך אין אונדזערע הייליקע טראַגישע טעג,
ווערט געצונדן דאָס יום־טוב־ליכט,
אַריבער מאַמעס געקלאָג אין בלוטיקן וועג,
צעשפּרייט זיך אַ רעגנבויגן איבער געזיכט.

יענע ליכטיקייט שעך און לויב,
אין די אויגן זאָלסטו זי טראָגן,
זי טוט אין פינצטערניש אויף פליגל דיך אַ הויב,
זאָלסט גרינג די נאַכטשרעק איבערטראָגן.

# עס האָט מיך דער גורל דערנענט צו מאַשינען

ס׳איז פרי־באַגין. די וועלדער, די פעלדער נאָך שלאָפן.
אירע ערשטע שטראַלן די זון טראָגט אין טאָג אַריין,
ווי איך טראָג מיין אויפגעוואַכטן גוף
אַוועק אין פאַבריק מיט יעדן מאָרגן־אויפשטיין.

עס האָט מיך דער גורל דערנענט צו מאַשינען.
ווען נויט האָט געפירט מיך אין פאַבריק אַריין,
באַגלייט האָט מיר דער גלויבן, אַז איך וועל דאָ מיין זיין געפינען,
און נויט, ווי אַ שאָטן, וועט מיר מער נישט נאָכגיין.

איך גיי אין פאַבריק אויסאַרבעטן זאַקן,
גלעט איך מיט די פינגער די פעדעם זייד
אויף שפּאָלן געצויגן, ווי דער בויער יעדן טאָג אַלץ העכער אויף שטאַקן,
ווי ס׳גייען שעהן ליכט אין באַשאַף — אַוועק מיט באַדייט.

אַ בלאַסע שיין וויברירט אויף טוכלע ווענט,
פאַרפלאָנטערט זיך אין געדיכטן שטויב
פון פאַרשידנאַרטיקע פעדעם, פאַרגרייט דורך הענט,
וואָס זייער באַשאַף באַקלערט — ווערט איז אַ לויב.

עס דרייען זיך רעדער מיט ווילדן געברויז,
אַזוי לויפט אויך דיין בליק אויף מאַשינען, אַהין־אַהער,
די היץ ציט די זאַפטן פון די ביינער אַרויס
און די לופט, ווי געשפונען געדיכט — צו שערן מיט אַ שער.

פענצטער פאַרראַוכערטע, שויבן מאַטע, פאַרשטויבטע,
פאַרטונקעלן מיר דעם לאַנגען אַרבעטסטאָג,
וואָס שיידט זיך מיט מיין באַשאַף, נאָך שעהען אָפּגערוישטע,
מיט דעם שטאָליקן געקלאַנג, וואָס דערגרייכט מיך ביזן זיבעטן ראָג.

דאָ, אין געדיכטער לופט פון אייל און אייזן,
גייט דער טאָג אין מידקייט אַוועק.
די זייגער־ווייזער לאַנגע און שווערע שעהען ווייזן,
ווי אַ סך פאַרגאַנגענע יאָרן, צעשאָטענע, אָן צוועק.

כ'זע, ווי די גלאַנציק־שוואַרצע רימענס
וויקלען מיינע שענסטע טרוימען;
כ'זע, די וועלט דורך רויך פון קוימענס,
וואָס ציט זיך געדיכט אַרויף צו די רוימען.

אין פרילינג־טעג — אַנשטאָט זען די בליִענדיקע פעלדער,
בין איך געצוווּנגען קוקן אין רויע מאַשינען אין פאַבריק;
אַנשטאָט הערן דעם מאָרגנרויש פון אויפגעוואַכטע וועלדער,
געמוזט פאַרנעמען פון אייזן און שטאָל געקלימפּער־מוזיק.

אַט זע איך אין געדאַנק
די טיפע וועלדער, די גערטנער פול מיט פרוכטן,
די היימלעכע שטאָט, מיט גאַסן ברייט און לאַנג —
מיין בענקשאַפט צום דרויסן ווערט אין וועבשטאָפן פאַרפלאָכטן.

ס'קלאַפּן אין פאַבריק די רעדער אין געדריי,
עס טראָגט אַרויס זיך פון פענצטער דער רעש,
ווי ס'גייט מיר מיין טאָג מיט שטאָלגעקלאַנג פאַרביי,
און ס'בלייבט מיר פון מיין באַשאַף, ווי נאָך אַ שריפה — דער אַש.

איך בין געווען אַ האַנט בלויז, פון אַ ראָד אַ דרייער,
פאַר די וואָס דאַרפן מיין מי צו באַקליידן אומבאַקאַנטע פּים,
וואָס לאָזן מיך קאַלט, ווי אַן אויוון אָן אַ פונק פון פייער,
כאָטש איך שיק דורך זיי אין לענדער פון מיין באַשאַף אַ גרוס.

עס מונטערט מיך אויף דער רויש פון רעדער אין פאַבריק,
צעוועקט אין מיר מיין זכרון צו ווייטער וועלט,
ווו ס'האָט דאָס לעבן מיך אויפגענומען מיט אומהיימלעכן בליק,
ווען כ'האָב דאָרט מיין ציטערדיקן טראָט געשטעלט.

נאַכטשפעט פירט מיך צוריק צו מיין היימישער טיר,
דער מילכוועג מיט אַלע ווינקענדיקע שטערן
וואַרט לאַנגע שעהען שוין אויף מיר,
ווילן מיינע מידע טריט אַהיים דערהערן.

# ווי טאָוולען פון אַן אַרויסגעפליקט בוך

ביסט אַ גאַסט געוואָרן ביי דיין אייגן לעבן,
דאָס וואָרט פון פרייד פלאַטערט אויף שויב און טיר,
בלייבסט פוסט, ווי טאָוולען פון אַן אַרויסגעפליקט בוך, אָן לעבן,
מיט אַ קאַלטער לבנה איבער דיר.

אומגעקערט האָסטו זיך צו דער וועלט מיטן נאַקן,
ווי אין קרומען שפּיגל גייט דער מענטש אין אַ זייט אַליין,
אויך דאָס לבנה־פּנים געל, איז מיט קרומע באַקן,
און בייזער ווינט ברומט דורך די ציין.

דו ביסט אין באַנג־צער אָפּט מאָל אַליין,
ווי אויפן ראַנד פון וועג דער שטיין;
ווילסט גיין פון אייגענעם גורל אַוועק,
נאָר אין צער געלייטערט קומסטו צוריק מיטן זעלביקן וועג.

כ׳האָב נישט דרייסט געפרעגט: ווּהין, ווּ?
כ׳בין גרייט פאַר דיר מיין טיר צעווייגן,
ווער קאָן דאָ זיין אַזאַ תּושב, ווי דו,
כ׳זאָל דורך דיר הערן דעם עכאָ פון אַ פאַרשטומטן ניגון?

דער בוים וואַקסט הויך אַריבער דעם פּלויט.
און ווען שטורעם לויפט, צעשטערט אַ בייט —
אַ יורש, אַ נאָענטער, ברענגט אויף דאָס ברויט,
אין זכר פון זאָמען, וואָס דו האָסט פאַרזייט.

# מיט מיין ליד אַליין

כ׳האָב נעכטן אָוונט פֿאַרמאַכט די טיר שטיל
און געבליבן מיט מיין נישט פֿאַרענדיקט ליד אַליין,
נאָר די זינגענדיקע פֿינגער זענען גרייט דעריאָגן דעם ציל —
אַ ליד הײנט קלינגט ווידער, קריסטאַל־ריין.

ווי אומרויִק איך בין און יונג,
מיין בלוט אין מיר נעמט אָפּט זיך צעשפּילן,
כ׳זינג אַראָפּ וואָס אויף דער צונג,
אָדער כ׳וויל אויסשרייען מיינע געפֿילן.

כ׳האָב פֿאַראײנט וואָרט מיט וואָרט — סטראָף,
פֿאַרפֿלאָכטן סימבאָל, געמיט, וואָר דורך פּשוטן טײַטש,
און אונטערטעניק געמאַכט האָט דעם שלאָף,
אַ פּסיק־טיק פֿון שרייבמאַשין און שאָרך פֿון פּאַפּירקנייטש.

כ׳מעק אויס און שרייב ווידער,
כ׳נעם די ווערטער טראָגן, ווי מען טראָגט אַ קינד
אויף אויסגעשפּרייטע, זינגענדיקע גלידער,
צו מאַמעס זיסע נאָפּלען — אַ דינער שטראָם ווייסע זיסקייט רינט.

אותיות, ווערטער, קומען שורותווייז, דין און קליין,
פֿילן דאָס האַרץ אָן מיט קדושה־פֿלאָם;
שלייפֿט זיך איינציקווייז אָן עבודה לויטער ריין,
מיט דעם בליאַסק פֿון שפּיגל־ים.

פון אָפּגרונטן ציט זיך מיין ליד,
פון זאַפּטיקע וואָרצלען וואַקסט אַרויס דער בוים.
כ׳געדענק נישט דעם אָנהייב, ס׳איז נישט פון דער מיט —
ס׳קומט ווי אַ בליץ, וואָס שניידט דורך דעם רוים.

מיט דעם ביסעלע פייער, וואָס איז מיר, ווי יעדן באַשערט,
וואַרעם און לייטער איך מיין ליד,
ס׳זאָל פאַר דורות נאָך מיר האָבן אויך אַ ווערט,
ווי מיין אייגענער ניגון, וואָס כ׳האָב אין דויער געשמידט.

זינג איך ווייטער מיין גלויביק געזאַנג,
מיט ווערטער אויסגעלייטערטע אויף מיין וועג,
אַנטקעגן ייד מיט יידיש ליד אין זיין גאַנג —
דאָס בעסטע פון אונדזער רייכקייט און פאַרמעג.

# אינהאַלט

## עקזיסטענץ



## פרילינג



## חורבן־בלעטלעך

## צושטייער



## אַפּקלאַנגען